לואידזשי פאַבּרי

# ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ

## זיין לעבן און זיינע סאָציאַלע אידעען

יידיש: י. בירנבוים



בוך-געמיינשאַפט
— ביי דער —
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

בוענאָס איירעס 1932

לואידזשי פאַבּרי

# ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ

## זיין לעבן און זיינע סאָציאַלע אידעען

יידיש: י. בירנבוים





בוך־געמיינשאַפט

— ביי דער —

יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

בוענאָס איירעס 1932

# פון די אַרויסגעבער

מיט אָט דעם ביכל באַנייען מיר אונזער פאַרלאגס־טעטיקייט נאָך אַ געצוואונגענעם איבעררייס, וואָס האָט געדויערט די לעצטע צוויי נסיונותפולע יאָר.

שווערע צייטן לעבט איצט דורך די ארבעטערשאפט אויף דער גאָרער וועלט. נאָך שווערער לעבט זיך אין ארגענטינע, וואו עס האָבן געקריגן א חיות אזעלכע פינצטערע כוחות, וואָס אַלע האָבן געהאַלטן פאר שוין לאַנג באַגראָבן. אין אַזאַ קאָשמאַר סוגערירט באזונדערס דערפרישנדיק ע ר ר י ק אָ  מ אַ ל אַ ט ע ס ט אַ ס ליכטיק און וואונדערשיין לעבן.

עס איז שווער פאָרצושטעלן זיך א פולקאָמער און אומפאַנגרייכער קונסטווערק ווי מאַלאַטעסטאַס לעבן. — די אומשטענדן, אונטער וועלכע מענטשן איז ביז איצט אויסגעקומען צו לעבן, זיינען אזוי פול מיט סתירות, אז בלויז געציילטע שטאַרקע נאַטורן געלינגט עס אויסצופורעמען א גאַנצע פערזענלעכקייט און אויפצוהיטן א סימעטריע צווישן געדאַנק און טאַט. מיר מוזן מודה זיין, אז אזא דערשיינונג איז דערוויל נישט צו אָפט אפילו צווישן אזעלכע רעוואָלוציאָנערע קרייזן, וואָס שטעלן אַ גרויסן קרעדיט דעם מענטשלעכן ווילן. אפשר דערפאַר, וואָס מען האָט ביז איצט נישט גענוג אכט געלייגט אויף אָט דעם מאָמענט. אלנפאלס, איז אין דער גאנצער מענטשלעכער געשיכטע א גרויסע זעלטנהייט צו געפינען אַזאַ אויסגעהאַלטנקייט, אַזאַ גאַנצקייט און אין אזא לאנגן און לעגענדאַריש - אינטענסיוון לעבן ווי אונזער מאלאַטעסטאַס.

א וואונדערבאַר מעכטיקער גייסט, וואָס האָט באוויזן גובר צו זיין די פיזישע שוואַכקייט פונ'ם גוף. נאָך איידער מאַלאַטעסטאַ איז אַלט געוואָרן צוואָנציק יאָר, האָט אים שוין  ב אַ ק ו נ י ן  באַצייטנס באַוויינט, מחמת מען האָט דערוואַרט זיין טויט אין א קורצער צייט ארום. צום סוף האָט  מ אַ ל אַ ט ע ס ט אַ  באוויזן אָפצולעבן, אונטער די ערגסטע מאַטעריעלע אומשטענדן, ביז 79 יאָר. און דאָס אַקטיווסטע לעבן, וואָס מען קען זיך בלויז פאָרשטעלן. נישט קיין וואונדער, וואָס אַזאַ גייסט האָט געקענט אָנשטעקן מיט זיין גלויבן מיליאָנען. נישט קיין וואונדער אויך, וואָס מאַלאַטעסטאַ האָט געקענט אַריינאָטעמען אַזויפיל לעבן אין זיינע שאַפונגען — מיר האָבן אין בוענאָס איירעס דעם ביישפיל פון  ב ע ק ע ר ־ פ א ר י י ן ,  וואָס מאַלאַטעסטאַ האָט דאָ געגרינדעט מיט קנאַפע פופציק יאָר צוריק. דאָס איז דערזעלביקער פאריין, וואָס זיינע קאָמיסיע - מיטגלידער ווערן איצט פראָצעסירט פאר „אומלעגאַלער אַסאָציאַציע”!

מיט וואָס פאר א לײַכטקייט און נאַטירלעכקייט מאַלאַטעסטאַ האָט זיך עס אָפּגעזאָגט פון זיין ירושה און פון אלע איבעריקע פּריווילעגיעס, וואָס זיין אָפּשטאַם האָט אים געגעבן! בעת מאַלאַטעסטאַ האָט תיכף גע־דאַרפט אָנהויבן זיין קאַמף פאַר חיונה אַלס נישט קוואַליפיצירטער לוין־ארבעטער. און אזוי אָפּגעלעבט נאַטירלעך און אָן פּרעטענזיעס זיין גאַנ־צן לאַנגן לעבן ביז זיין אַכטן צענדליק יאָר, ווען ער האָט פארדינט זיין אָרעמע חיונה אַלס עלעקטריציסט.

און אפשר איז נאָך אַ גרעסערער וואונדער, וואָס מאַלאַטעסטאַ איז פאר זיין לאנגן און אַקטיוון לעבן קיין איינמאָל נישט אַראָפּ פון זיין דרך הישר. לאָמיר זיך נאָר דערמאַנען די אייראָפּעישע מלחמה, וואָס האָט נישט איינעם דערפירט צו אזעלכע האַנדלונגען, אויף וועלכע ער האָט דערנאָך געדאַרפט חרטה האָבן.

וואָס שייך אונז, מיינען מיר, אז דעם שענסטן ביישפּיל האָט מאַלאַ־טעסטאַ געגעבן אין די נאָכמלחמהדיקע יאָרן. דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט אויפגענומען מאַלאַטעסטאַן ווי אַן אָנערקענטן לערער. דער רוסישער ביישפּיל איז שוין געווען געגעבן. סאַראַ לייכטקייט עס איז געווען זיך טועה צו זיין און ווערן דער איטאליענישער לענין! אין אָט דעם בייגעשטאַנענעם נסיון מאלאטעסטאַס און אין זיינע לעצטע יאָרן, אונטערן פאשיסטישן רעזשים, בעת וועלכער עס איז נישט אָנגערירט גע־וואָרן נישט זיין קלאָרער גייסט, נישט זיין געזונטער אָפּטימיזם, איז דאָ אַזויפיל שיינקייט, אַזויפיל טרייסט, האָפענונג און גלויבן אינ׳ם מענטשן, אז זיי זיינען אַליין ווערט אַ גרויס לעבן.

דער אויטאָר, לואידזשי פאַברי, וואָס האָט דידאָ־זיקע ארבעט אָנגעשריבן ספּעציעל פאר אונזער בוכגעמיינשאפט, איז אן אלטער קעמפער מיט אַן אוניווערסאַלן נאָמען, און מיר ווילן זיך בכן פארשפּאָרן די אַרבעט אים פאָרצושטעלן. מיר ווילן בלויז אונטערשטרייכן, אז פּאַברי איז געווען פאר צענדליקער יאָרן מאַלאַטעסטאַס תלמיד און נאָענטסטער פריינט, און ער איז דערי־בער באזונדערס בארופן פאר אַזאַ אַרבעט.

לאָמיר אויך דערמאָנען, אַז די איבערזעצונג פונ׳ם איטאַליענישן אָריגינאַל אויף שפּאַניש האָט פאר אונז געמאַכט דער ח׳ אלבערטאָ ביאַנקי.

צום סוף א רוף צו די סימפּאַטיזירער פון אונזער ארבעט צו שטעלן זיך נענטער.

בוענאָס איירעס, נאָוועמבער 1932

# מאַלאַטעסטאַס ביאָגראַפישע שטריכן

ע ר ר י ק אָ   מ אַ ל אַ ט ע ס ט אַ   איז געבוירן געוואָרן דעם 4-טן דעצעמבער 1853 ביי אַ רייכער פאַמיליע אין סאַנטאַ מאַריאַ קאַפּואַ וועטרע, נישט ווייט פון נעאַפּאָל. אָבער ווען דער קליינער ערריקאָ האָט אָנגעהויבן לערנען, האָבן שוין זיינע עלטערן געוואוינט אין נעאַפּאָל.

ער האָט געלערנט די קלאַסישע לימודים אין גימנאַזיע און אין ליציי. אין ליציי, אין דער שול פון די עסקולאַפּיער (רעליגיעזער אָרדן), איז ער געווען אַ מיטשילער פון  ס אַ ו ו י ע ר אָ   מ ע ר ל י נ אָ,  מיט וועלכן ער האָט פאַרבונדן די ערשטע פריינטשאַפט. דאָרט האָט זיך צום ערשטן מאָל מאַניפעסטירט זיין בונטאַרישער גייסט, ווען ער האָט אין 1868 געשיקט צום איטאַליענישן קעניג וויקטאָר מאַנועל דעם ערשטן, אַ שאַרף אַנטידינאַסטישן און אַנטיפאַרלאַמענטאַרישן בריוו, אונטערגעשריבן מיט זיין נאָמען. זיין פאָטער, וועלכער האָט געהאַט מעסיק־ליבעראַלע אידעען, איז קוים מיט שווערער מי געלונגען, אַ דאַנק די באַציונגען, וואָס ער האָט געהאַט מיט די אָפיציעלע קרייזן, אים צו באַפרייען, נאָך עטלעכע שעה תפיסה, אָנגעבנדיק דעם גאַנצן ענין אַלס אַ יינגלשע שטיקל אַרבעט.

נאָך פאַרן יאָר 1870, אַלס סטודענט פונ׳ם מעדיצינישן פאַקולטעט פון דער נעאַפּאָלער אוניווערזיטעט, האָט ער געהאַט רעפּובליקאַנישע אידעען. ער האָט געוואָלט אַריינטרעטן אין אַ געהיימער מאַדזשיניאַנישער געזעלשאַפט, אָבער דזשוסעפּפּע מאַדזשיני איז געווען קעגן דעם אַריינגעמען אים, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געלייענט זיינע בריוו, מחמת ער האָט פון זיי פאַרשטאַנען, אַז לויט די אידעען, וואָס ער האָט, וועט ער זיך באַלד פון אים דערווייטערן.

און טאַקע באַלד נאָכדעם, קומענדיק אין קאָנטאַקט מיט די נעאַפּאָלער אינטערנאַציאָנאַליסטן, באַזונדערס מיט דזשוסעפּפּע פאַנעללי און קאַרמעלאָ פּאַלאַדינאָ, איז ער געוואָרן אַ סאָציאַליסט און אינטערנאַציאָנאַליסט. ס׳איז באַקאַנט, אַז דעמאָלט האָט דער אינטערנאַציאָנאַל און דער סאָציאַליזם אין

איטאַליע, אונטער באַקונינס השפּעה, געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן רעוואָלוציאָנערן און אַנאַרכיסטישן כאַראַקטער. די פּאַריזער קאָמונע פון 1871 האָט אין מאַלאַטעסטאַן פאַרשטאַרקט דעם נייעם גלויבן, צו וועלכן ער האָט זיך באַקענט. אין יאָר 1872, ווען ס'איז אויפן קאָנגרעס אין רימיני געגרינדעט געוואָרן די „פעדעראַציאָנע איטאַליאַנאַ דעליאַ אינטערנאַציאָנאַלע", איז ער שוין געווען שטאַרק אַקטיוו. ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער „לאַ קאַמפּאַנאַ" פון נעאַפּאָל, צוזאַמען מיט פאַנעללי, קאַפּיעראָ, פּאַלאַדינאָ, קאַוועללי א. אנד.; ער איז געווען באַפריינדעט מיט קאָסטאַ און ער איז געפאָרן צום קאָנגרעס קיין סאַנט אימיער, וואו ער האָט זיך באַקאַנט פּערזענלעך מיט באַקונינען, ווערנדיק מיט אים זייער נאָענט.

באַקונין האָט אים געהאַלטן פאַר זיין ליבלינגס־תלמיד, האָט אים, אינ'ם אָנגענומענעם קאָנספּיראַטיוון לשון, גערופן „בנימין" און מאַלאַטעסטאַ איז אַ געוויסע צייט געווען זיין סעקרעטאַר. ער איז נאָך דעמאָלט קיין צוואָנציק יאָר נישט אַלט געווען... גאָר אינגיכן האָט מאַלאַטעסטאַ פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער אינטערנאַציאָנאַליסטישער באַוועגונג און עס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן די פּאָליצייאישע פאַרפאָלגונגען קעגן אים.

ווען עס זיינען אין גאַנץ איטאַליע, אין יאָר 1874, אויסגעבראָכן אויפשטאַנדס־פּרואוון, אָרגאַניזירט פון די אינטערנאַציאָנאַליסטן, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיטן באַרימטן פּראָצעס פון קאָסטאַ אין באָלאָניע, האָט זיך מאַלאַטעסטאַ באַטייליקט אין זיי פון אַפּוליע אויס, אָנפירנדיק מיט אַ באַוואָפנטער גרופּע, וועלכע איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „באַנדע פון קאַסטעל דעל מאָנטע" און וועלכע האָט במשך פון עטלעכע טעג באַהערשט די געגנט. די פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך נאָכדעם אָנגעהויבן אומעטום, אין באָלאָניע, פלאָרענץ, רוים, ליצערן א. אנד. האָבן זיך פאַרענדיקט מיט באַפרייונגס־אורטיילן. מאַלאַטעסטאַ איז אויך באַפרייט געוואָרן, אָבער די פּאָליצייאישע רדיפות קעגן אים האָבן זיך פאַרפילפאַכט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס מאַלאַטעסטאַ איז געווען קרענקלעך און געהאַט אַ בולטע טענדענץ צו שווינדזוכט (אין יאָר 1872 האָט באַקונין געמיינט, אַז ער וועט אויסהאַלטן בלויז נאָך עטלעכע מאָנאַטן), האָט ער אָבער אָנגעפירט אַן אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט. ער האָט טאַקע געהאַט

אַט דעם „טייוול אין קערפּער", וועלכן באַקונין האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט זען ביי זיינע יונגע אָנהענגער. ער איז אַרומגעפאָרן פון איין אָרט צום צווייטן אין איטאַליע (און טיילמאָל אויך קיין אויסלאַנד), כדי זיך צו זען מיט דער קליינער צאָל חברים פון יענער צייט, דורכפירן זיצונגען, קאָנספּירירן אין די צוגרייטונגען פון בונטן א. ד. גל. דעמאָלט, אָדער אַביסעלע שפּעטער, איז דאָס געווען, ווען ער האָט געירשנט געלט און הייזער אין זיין געבוירנשטאָט; ער האָט דאָס גאַנצע געלט אוועקגעגעבן פאַר דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע און דאָס אייגנטומרעכט פון די הייזער האָט ער אוועקגעגעבן צו די אָרעמע שכנים, וועלכע האָבן אין זיי געוואוינט.

אין יאָר 1877 האָט ער צוזאַמען מיט ס ע ר ג י י ס ט ע פּ נ י אַ ק, ק אַ פ י ע ר אָ, ס ע ק אַ ר ע ל ל י און אנד. (אַ נ ד ר ע אַ ק אָ ס ט אַ האָט נישט מסכים געווען) אָרגאַניזירט אַ צווייטע אויפשטענדישע גרופּע, — די „באַנדאַ דעל מאַטעסע" — אין דער געגנט פון בענעווענטאָ. אָבער אויך דאָס מאָל האָט ער נישט דערגרייכט עפּעס ענדערש, ווי אַרעסטירט און פּראָצעסירט צו ווערן. אַ יאָר שפּעטער האָט אַן אַמנעסטיע באַפרייט אַלע באַשולדיקטע.

ווען ס'איז אין 1876-77 אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד אין באָשניעהערצאָגאָווינע, איז מ. באַלד אוועק אַהין, כדי אַריינצוטרעטן אין די רייען פון די אויפשטענדישע, אָבער די אונגאַרישע פּאָליציי האָט אים פאַרהאַלטן, בעת ער האָט געהאַלטן ביים אַריבערקרייצן, שווימענדיק, דעם סאַווע. נאָך אַ לאַנגן אויפהאַלט אין די עסטרייכישע און אונגאַרישע תפיסות איז ער צוריקגעקומען קיין איטאַליע.

ער האָט זיך באַטייליקט ביי אַלע קאָנגרעסן פון'ם איטאַליענישן אינטערנאַציאָנאַל און ביי כמעט אַלע פון אינטערנאַציאָנאַל ביז צום יאָר 1882, ביי וועלכע ער האָט אַנטוויקלט אַ געוואַלטיקע טעטיקייט. כאַראַקטעריסטיש איז דער געהיימער קאָנגרעס, וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 21- און 22-טן אָקטאָבער פון יאָר 1876 אויף די פעלדזן פון דער אומגעגנט פון פלאָרענץ (נישט ווייט פון פאָנטאַסיעווע), ביי וועלכן ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצושיילן די קאָמוניסטישע אידעען פון'ם אַנאַרכיזם, דיפערענצירנדיק זיך פון די קאָלעקטיוויסטישע פון באַקונינען. ווערטפּול איז מאַלאַטעסטאַס באַריכט צום אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס אין בערן, אין זעלבן יאָר 1876, ווע-

גן דער אָפּשאַפונג פונ׳ם שטאַט. מיר טרעפן אים אויך איבעראַנייעס שפּע־
טער, אין 1882, ביים אינטערנאַציאָנאַלן רעוואָלוציאָנער - סאָציאַליסטישן
קאָנגרעס אין לאָנדאָן, וועלכער קען באַטראַכט ווערן אַלס דער לעצטער קאָנ־
גרעס פונ׳ם באַקוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אַלס דער ערשטער פון דער
אינטערנאַציאָנאַלער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג.

אין 1879 טרעפן מיר מאַלאַטעסטאַן אין גענף, שווייץ, צוזאַמען מיט
ק ר אָ פּ אָ ט ק י ן, ה ע ר צ י ק א. אנד., פונ׳ם באַקאַנטן זשורנאַל
„לע רעוואָלטע", וועלכער איז שפּעטער אַריבערגעפירט געוואָרן קיין פּאַריז,
אין 1889 פאַרוואַנדלט געוואָרן אין „לאַ רעוואָלטע", אין 1895 — אין
„טאַן נאָוואָ" און אויפגעהערט צו דערשיינען דורכן אויסברוך פון דער איי־
ראָפּעישער מלחמה אין 1914. מאַלאַטעסטאַ איז שטענדיק, ביז צום גענצ־
לעכן אָפּשטעלן אים, געווען אַן אָפּטער מיטאַרבעטער אינ׳ם דערמאָנטן
זשורנאַל.

נאָכן פערטן יאָר פון אוניווערזיטעטס-שטודיום, מעדיצין, האָט ער
פאַרלאָזט די לימודים און אין דער פרייער צייט, וואָס איז אים געבליבן
פון דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע, האָט ער זיך פאַרדינט אויף זיינע
באַדערפענישן אַלס האַנטאַרבעטער, ספּעציעל אַלס מעכאַניקער־עלעקטרי־
ציסט. שוין אין יאָר 1881 האָט ער אין לאָנדאָן געהאַט אַ קליינעם וואַר־
שטאַט. אין 1884 האָט ער געאַרבעט אין פלאָרענץ צוזאַמען מיט אַ חבר,
דעם מעכאַניקער נ אַ ט ט אַ.

אין 1884 האָט ער אין פלאָרענץ, אין די צייטן צווישן איין אַרעסט
און דעם צווייטן, רעדאַקטירט די אויסגאַבע „לאַ קוועסטיאָנע סאָציאַלע",
אין וועלכער ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גרויסן טייל פון זיין אַרבעט „לאַ
אַנאַרקיאַ". דעמאָלט האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט די ערשטע אויסגאַבע
פונ׳ם באַרימטן „צווישן פּויערים". וואונדערבאַר זיינען אין יענע יאָרן,
פון 1880—1884, זיינע לאַנגע און שאַרפזיניקע פּאָלעמיקעס מיט אַ נ־
ד ר ע אַ ק אָ ס ט אַ, וועלכער האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אָפּצוזאָגן
פון די אַנאַרכיסטישע אידעען און אַריבערגיין צום אויטאָריטערן, לעגאַלי־
טאַרן און פּאַרלאַמענטאַרישן סאָציאַליזם.

אין יאָר 1883, בעת מאַלאַטעסטאַ האָט זיך געפונען אונטערוועגס פון
סיריע קיין איטאַליע, האָט זיך אין רוים אָנגעהויבן אַ פּראָצעס קעגן מ ע ר־

ל י נ אָ א. אנד., אין שייכות מיט א מאַניפעסט צום גונסטן דער ק אָ-
מ ו נ ע, אַ פּראָצעס פאַר „אומלעגאַלער אַסאָציאַציע”, אַלס באַטייליקטע
אין די אינטערנאציאָנאַליסטישע סעקציעס. ווען מאַלאַטעסטאַ איז אָנהויב
1884 אָנגעקומען פון ליוואָרנאָ, וואו ער איז אַראָפּ פון דער שיף, קיין פלאָ-
רענץ, איז ער אַרעסטירט געוואָרן און אויך צוגעשטעלט געוואָרן צום זעל-
ביקן פּראָצעס. ווען ער איז פּראָוויזאָריש באַפרייט געוואָרן, האָט ער פאַר-
עפנטלעכט דעם דערמאָנטן זשורנאַל. סוף זומער פון זעלביקן יאָר, אויב איך
האָב קיין טעות נישט, איז מאַלאַטעסטאַ אוועק מיט א גרופּע אַנאַרכיסטן
קיין נעאַפּאָל, כדי צו קורירן די קראנקע פון דער כאָליערע - מגפה,
וועלכע האָט אין יענער שטאָט שרעקלעך געבושעוועט, פאַר וואָס ער האָט
באַקומען אַן אָפיציעלע אָנערקענונג, וועלכע ער איז אָבער נישט געווען
קיין בעלן אָנצונעמען...

דער פּראָצעס אין רוים איז דערווייל אָנגעגאַנגען און ער האָט זיך
פאַרענדיקט מיט דער פאַראורטיילונג אויף דריי יאָר און עטלעכע מאָנאַט
פאַרשיקונג, א משפּט, וועלכער איז אָנהויב 1885 באַשטעטיקט געוואָרן
דורך דער אַפּעלאַציע־קאַמער. ווען דער אורטייל איז אריין אין קראפט, האָט
מאַלאַטעסטאַ אויף א קינציקן אופן אויסגעמיטן אַריינצופאַלן אין די הענט
פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט אַרומגערינגלט נאַטטאַס הויז אין פלאָרענץ,
וואו ער האָט געוואוינט — ער איז פון דאָרט אַרויסגעטראָגן געוואָרן, אונ-
טער דער נאָז פון די פּאָליציאַנטן, אין אַ קאַסטן פאַר א ניימאַשין, און ארי-
בערכאַפּנדיק זיך די גרענעץ איז ער אַוועק קיין אַרגענטינע.

אין אַרגענטינע האָט ער זיך אויפגעהאַלטן פון 1885 ביז 1889. דאָרט
האָט ער באַלד אָנגעהויבן אַן אקטיווע אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע, האָט
איבעראַנייעס, פאַר א געוויסער צייט, פארעפנטלעכט די „קוועסטיאָנע סאָ-
ציאַלע”, האָט אָרגאַניזירט צאָלרייכע רעפעראַטן, זיך באַטייליקט אין זי-
צונגען, דיסקוסיעס און געגעבן אַ שטאַרקן שטויס צו דער אַנטשטייונג פון
די ערשטע קעמפערישע אַרבעטער־פאַריינען*. און צווישן דידאָזיקע אַלע

*צווישן די פילע סינדיקאַטן, וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אַ דאַנק מאַלאַטעס-
טאַס השפּעה, געהערט אויך דער איצט פאַר אומלעגאַל דערקלערטער בעקער - אר-
בעטער - פאריין.

אַרבעטן האָט ער נאָך, אין אַ געווויסן מאָמענט, געהאַט צייט זיך צו באַטיי־ליקן אין אַן עקספּעדיציע פון חברים אין דער ווייטער פּאַטאַגאָניע, כּדי דאָרט צו זוכן גאָלד פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע (צווישן די עקספּעדיציאָנערן האָבן זיך אויך געפינען גאַלילעאָ פּאַליאַ און צעזאַר אַגאָסטינעללי); זיי האָבן אָבער אויף זייער פאַנטאַסטישער רייזע נישט געפונען עפּעס אַנדערש ווי אומבאַשרייבלעכע צרות און פּלאָגענישן, וואָס האָט זיי אַלעמען גע־צוואונגען אויפצוגעבן זייער פּלאַן.

אין 1889 פאַרלאָזט ער אַרגענטינע און פאָרט צוריק קיין לאָנדאָן און פון דאָרט קיין פראַנקרייך. אָבער אַזוי ווי ער האָט אין יענעם יאָר אין פּאַ־ריז אויסגעגעבן אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג אַ פּראָוואָקאַטאָר פון די רעוואָלוציאָנערע רייען, וועלכער איז געשטאַנען צום דינסט דער איטאַליע־נישער פּאָליציי, איז ער אויסגעוויזן געוואָרן פון לאַנד. צום סוף פון דעמ־זעלביקן יאָר האָט ער אין ניצע אָנגעהויבן אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „ל'אַסאָ־ציאַציאָנע", וועלכער איז שפּעטער, נאָך איינעם אָדער צוויי נומערן, אַרויס־געגאַנגען אין לאָנדאָן, וואו מאַלאַטעסטאַ האָט זיך אויפגעהאַלטן.

אין 1879 איז ער אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער שווייץ. אָבער אין יאַנואַר 1891 האָט ער זיך אומגעקערט געהיים, כּדי זיך צו באַטייליקן אינ'ם קאָנגרעס פון קאַפּאָלאַגאָ, ביי וועלכן ער איז צוזאַמען מיט מ ע ר־ל י נ אָ, צ י פּ ר י אַ נ י, ג אָ ר י, ג אַ ג ל י אַ ר ד י, פּ אַ נ י־צ אַ א. אַנד. געווען פון די אַקטיוויסטע. פון דאָרט איז ער, אַלץ אין גע־היים, אַריבער קיין איטאַליע, וואו ער האָט דורכגעפירט אַן אויספאָרשונגס־טור. נאָכן פאַרענדיקן דעם טור האָט ער ווידער דורך דער שווייץ געוואָלט אַריבער קיין לאָנדאָן, אָבער אַן איטאַליענישער שפּיאָן האָט אים אויסגעגע־בן און די שווייצאַרישע פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט, פּראָצעסירט און פאַרמשפּט פאַר עובר זיין אויפן דעפּאָרטירונגס ־ דעקרעט.

בעת די בונטן אין סיציליע און ליניגיאָנאַ אין 1894 איז מאַלאַטעסטאַ, נישט געקוקט אויף דער שטראָף, וואָס איז אויף אים געלעגן פון 1884, אין געהיים אַריבער קיין איטאַליע, אין דער האָפענונג, אַז די בונטן וועלן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ רעוואָלוציע. די פּאָליציי האָט געוואוסט, אַז ער געפינט זיך אין איטאַליע, האָט אים אַרומגעזוכט, אָבער נישט געקאָנט נאָכפאָלגן זיינע שפּורן, כאָטש ער האָט זיך געהאַט אויפגעהאַלטן אין מילאַן, וואו ער

האָט זיך געטראָפן מיט גאָרין און אויך גערעדט מיט טוראַטין, אין באַלאָ־ניע, אַנקאָנע, וואו ער האָט זיך באַטייליקט אין זיצונגען און אויך רעדאַק־טירט איינעם אָדער צוויי נומערן פון דער צייטשריפט „ל'אַרט. 248", אין רוים, קאַררארא א. אנד. האַפּענונסלאַז, צוליב דעם זיג פון דער קריספּיני־שער רעאַקציע, איז ער צוריק קיין לאָנדאָן. מיט צוויי יאָר פריער איז ער צוליב ענלעכע מאָטיוון געהאַט געפאָרן קיין שפּאַניע, בעת די אויפשטאַנדן פון כערעס. אָבער דאָרט איז ער ארייגעפאָרן עפנטלעך. נאָכדעם ווי ער האָט געהאַלטן אַ רעדע אין אַ גרויסן טעאַטער פון מאַדריד, איז ער געפאָרן קיין אַנדאַלוזיע, פון וואַנען ער האָט געדאַרפט פארשוואונדן געהיים, ווייל די פּאָליציי האָט זיך געגרייט אים צו ארעסטירן. אין 1893 איז ער געוועזן אין בעלגיע, בעת דעם גענעראַלשטרייק, וואָס איז דאָרט דורכגעפירט געוואָ־רן צום גונסטן דעם אַלגעמיינעם וואַלרעכט; ער האָט געוואָלט ווירקן, אַז די באַוועגונג זאָל אָננעמען א מער רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער.

אין יולי 1896 האָט ער זיך באַטייליקט אינ'ם אינטערנאַציאָנאַלן סאָ־ציאַליסטישן און אַרבעטער־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין פאַרטרעטונג פון די אַנאַרכיסטישע גרופּן און אַרבעטער־פאַריינען פון איטאַליע און שפּאַניע. מיט דעמדאָזיקן קאָנגרעס, ביי וועלכן עס איז באַשטימט געוואָרן די דעפי־ניטיווע באַזייטיקונג פון די אַנאַרכיסטן פון די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַ־ליסטישע קאָנגרעסן, האָט זיך מאַלאַטעסטאַ עטלעכע מאָל באַשעפטיקט און פאַרעפנטלעכט איניקע אַרטיקלען אין „ל'איטאַליאַ דעל פּאָפּאָלאָ" פון מי־לאַן, וועלכער איז דעמאָלט רעדאַקטירט געוואָרן פון ד אַ ר י אָ פ א פ א. אביסל שפּעטער האָט ער אין לאָנדאָן פאַרעפנטלעכט אַן איינמאָליקן גרע־סערן נומער פון „ל'אַנאַרקיאַ", וועלכער האָט געהאַט אַ פּאָלעמישן כאַראַק־טער און דיסקוטירט מיט דער אַנאַרכיסטיש - אינדיווידואַליסטישער און לענאַליטער - סאָציאַליסטישער טענדענץ. אין דעמדאָזיקן פּעריאָד, פון 1890 און ווייטער, האָט ער אין לאָנדאָן פאַרעפנטלעכט די דעפיניטיווע אויפלאַגע פון „צווישן פּויערים" און די אָפּהאַנדלונגען „די אַנאַרכיע" און „די פּאַרלאַ־מענטאַרישע פּאָליטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג".

אין מערץ 1897 איז ער ווידער אין געהיים אַריינגעפאָרן קיין איטאַ־ליע און זיך באַזעצט אין אַנקאָנאַ, כדי דאָרט צו רעדאַקטירן די „ל'אַרזשי־טאַציאָנע". דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען ס א ו ו ע ר י אָ מ ע ר־

לינא האָט פאַרלאָזט די אַנאַרכיסטישע רייען, כדי אָנצונעמען דעם פּאַרלאַמענטאַרישן מעטאַד, וועגן וועלכן ער האָט מיט זיין אַלטן פריינט גע־האַט א לאַנגע און העפלעכע פּאָלעמיק. מאַלאַטעסטאַ האָט אין דער צייט־שריפט, אין רעדעס, אין דיסקוסיעס א. א. וו. פאַרטיידיקט די סאָציאַליס־טיש - רעוואָלוציאָנערע, אָרגאַניזאַטאָרישע און אַרבעטער - טענדענץ פון׳ם אַנאַרכיזם און פאַרן מאָמענט האָט ער זיך באַמיט צוצוגרייטן די סביבה פאַר א מעגלעכער אַליאַנץ פון אונטן מיט די רעוואָלוציאָנערן פון אנדערע פּאַרטייען, כדי צו באַקעמפן די מאָנאַרכיע דורך אַן אויפשטאַנד פון אַנ־טיקאַפּיטאַליסטישער און פרייהייטלעכער אָריענטאַציע..

במשך פון ניין מאָנאַט האָט זיך מאַלאַטעסטאַ אין געהיים אויפגעהאַל־טן אין אַנקאָנאַ; אַלע האָבן פון אים געוואוסט, נאָר נישט די פּאָליציי. אָבער אין נאָוועמבער איז ער אַנטדעקט און אַרעסטירט געוואָרן. אָבער די שטראָף פון 1884 איז שוין געהאַט בטול געוואָרן און ער איז באַפרייט געוואָרן. בלויז אויף א קורצער צייט, ווייל אין יאַנואַר 1898 איז ער פונדאָסניי אַרעסטירט געוואָרן, אין שייכות מיט די ראַיאָטן פאַר דער פאָדערונג פון ברויט, וועל־כע זיינען אויסגעבראָכן אין לאַס מאַרקאַס, זיך אויסגעשפרייט אין די נאָכ־קומענדיקע חדשים קיין אַפּוליע און אויך אָפּגעקלונגען אין לאָמבאַרדיע, וואו זיי האָבן זיך אין מאַי פאַרוואַנדלט אינ׳ם באַקאַנטן אויפשטאַנד פון מילאַן, וועלכער איז דערשטיקט געוואָרן אין בלוט דורך דעם גענעראַל באַוואַ בעקאַרים. אין אַפּריל 1898 איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס פאַר געהערן צו אָרגאַניזאַציעס צוליב באַגיין פאַרברעכנס („אָרגאַניזאַציאָנע א דעלינקערע") קעגן מאַלאַטעסטאַ א. אנד. (סמאָרטי, פעליטשאַלי, פאַנפּיטשי א. אנד.). דעמאָלט טאַקע האָט די איטאַליענישע יוסטיץ געביטן איר יורידישע מיי־נונג וועגן די אַנאַרכיסטישע פאַריינען, וועלכע זיינען פון דאַן אָן מער נישט באַטראַכט געוואָרן ווי פאַריינען פון פאַרברעכער, נאָר ווי איינפאַכע רע־וואָלוציאָנערע געזעלשאַפטן.

מאַלאַטעסטאַ און זיינע פריינט האָבן געביטן דעם פאַרטיידיקונגס־סיסטעם, וואָס די אַנאַרכיסטן פלעגן פּראַקטיצירן ביז דעמאָלט אין ענלעכע פאַלן: צו לייקענען דעם פאַקט פון פאַרייניקונג אין נאָמען פון דער אינ־דיווידועלער אויטאָנאָמיע. כמעט אַלע באַשולדיקטע האָבן זיך, אדרבה, דער־קלערט אַלס אָרגאַניזירטע, פאַרענדיק פאַר זיך און פאַר די אַנאַרכיסטן

אלע רעכטן פון פאַרייניקונג. מער ווי דריי טויזנט אַנאַרכיסטן האָבן, אין סאָלידאַריטעט מיט די פּראָצעסירטע, אונטערגעשריבן אַן עפנטלעכע דעקלאַראַציע, וועלכע די פאַרטיידיקער האָבן פאָרגעלייגט פאַרן געריכט, אין וועלכער זיי דערקלערן, אַז זיי געהערן צו קרייזן און גרופּן פון דער אַנאַרכיסטישער פּאַרטיי. דאָס געריכט האָט טיילווייז נאָכגעגעבן די טענות פון דער פאַרטיידיקונג און פאַרמשפּט די באַשולדיקטע בלויז צו זעקס און זיבן חדשים תפיסה פאַר געהערן צו פאַריינען מיט אויפשטענדישע צילן, אויסשליסנדיק די באַשולדיקונג פון אָרגאַניזירן זיך צו באַגיין פאַרברעכנס, פאַר וואָס עס וואָלט זיי געקומען פון דריי ביז זיבן יאָר פאַרשיקונג. דאָס פאַרלירן פון די ציווילע רעכטן און דאָס שטיין אונטער ספּעציעלער פּאָליציייִשער אויפזיכט.

מאַלאַטעסטאַ איז פאַרמשפּט געוואָרן צו זיבן מאָנאַט תפיסה, נאָך וועלכע ער איז, אין יולי 1898, — אויפן סמך דערפון, וואָס ס'זיינען, אין שייכות מיט די געשעענישן אין מילאַן, אין דער צווישנצייט, אָנגענומען געוואָרן די אויסנאַמסגעזעצן, — פאַרשיקט געוואָרן אויף פינף יאָר אויף אַ פאַרשיקונגספּלאַץ, לכתחילה אויף דער אינדזל אוסטיקאַ, דערנאָך אויף דער אינדזל לאַמפּעדוסאַ. ער איז אָבער פון דער לעצטער אַנטלאָפן אויף אַ וואונדערהאַפטיקן אופן און ביי פאַנטאַסטישע אומשטענדן אין פרילינג פון קומענדיקן יאָר (1899). ער איז אַוועק קיין לאָנדאָן און פון דאָרט, אַביסל שפּעטער, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו ער האָט געוואוינט אין פּעטערסאָן (ניו יאָרק) און וואו ער האָט אַרויסגעגעבן די שריפט „לאַ קוועסטיאָנע סאָציאַלע" (סעפּטעמבער 1899 — אַפּריל 1900). אין די דאָזיקע עטלעכע מאָנאַט האָט ער געגעבן רעפעראַטן אין כמעט אַלע נאָרדאַמעריקאַנישע צענטערן, האָט אָנגעהאַלטן דיסקוסיעס מיט די סאָציאַליסטן, וויכוחים מיט אַנאַרכיסטן פון אַנדערע ריכטונגען א. ד. גל. ס'איז דעמאָלט געוואָרן אַ גרויסער פריינט זיינער דער דעמאָלט נאָך אומבאַקאַנטער וועבער פון פּראַטאָ, וועלכער האָט געאַרבעט אין פּעטערסאָן — דערדאָזיקער העלדישער ק א ע ט א נ א ב ר ע ש ט ש י, וועלכער האָט מיט עטלעכע מאָנאַט שפּעטער, דעם 29־טן יולי, אָפּגערוימט פון וועג אין מאָנצאַ דעם קעניג פון איטאַליע, הומבערטאָ דעם ערשטן, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר די בלוטיקע דערדריקונגען פון די יאָרן 1894 און 1898.

אין אפריל 1900 האָט זיך מאַלאַטעסטאַ אומגעקערט קיין לאָנדאָן און ער האָט אין דער באַפעלקערטער געגנט פון איילינגטאָן פונדאַסניי אָנגעהויבן זיין אַרבעט אַלס מעכאַניקער - עלעקטריציסט, וועלכע ער האָט איבערגעריסן בלויז דורך דער מיטאַרבעט אין פאַרשידענע אַנאַרכיסטישע צייטשריפטן און דורך דער פאַרעפנטלעכונג פון צייט צו צייט פון אַ וועלכער איינמאָליקער אויסגאַבע, ווי: „קאַוסאַ ע עפעטטי" (אורזאַכן און ווירקונגען), באַלד נאָכן טויט פון'ם קעניג הומבערטאָ, אָדער אַ וועלכער עס איז אַנדערע אויסגאַבע פון קורצער דויער: „ל'אינטערנאַציאָנאַלע" (1901); „לאַ שטשאָפעראָ דזשענעראַלע" (דער גענעראַלשטרייק), (1902); „לאַ ריוואָלוציאָנע סאָציאַלע" (1902) א. אנד. ס'איז אָבער נויטיק צו זאָגן, אַז אין דעמדראָזיקן צייטאָפשניט (פון 1900 ביז 1912) האָט אים די נויטווענדיקייט זיך צו פאַרדינען אויף חיונה צוגענומען כמעט די גאַנצע צייט, אַזוי אַז ס'איז אים געבליבן גאַנץ ווינציק צייט צו ווידמען זיך דער פראָפּאַגאַנדע. נישט געקוקט דערויף האָט מען פון צייט צו צייט אין די ענגלישע, פראַנצויזישע אָדער איטאַליענישע אַנאַרכיסטישע צייטונגען געקענט לייענען אַ ווערטפולע אַרבעט זיינע, וועלכע פלעגט תיכף איבערגעזעצט ווערן אין כמעט אַלע שפּראַכן. זיינע אַרבעטן פון יענער צייט קאָן מען געפינען אין „פרידאָם" פון לאָנדאָן, אין „טאַן נאָוואָ" פון פּאַריז, אין „ריסוועליאָ" פון זשענעוו, אין „לאַ קוועסטיאָנע סאָציאַלע" פון פּעטערסאָן, אין „לאַ אַליעאַנסאַ ליבערטאַריאַ" און „פּענסיעררָאָ" פון רוים.

ווען ס'איז אין וועלכן עס איז פונקט פון אייראָפּע אַנטשטאַנען אַ האָפענונג אויף רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, האָט מאַלאַטעסטאַ באַלד פאַרלאָזט אַלץ און אַוועק אַהין. אַזוי איז ער אין 1906 געהיימערהייט אַריין אויף עטלעכע טעג קיין פראַנקרייך (ער האָט עס אויך אַ סך אַנדערע מאָל געטון פריער, צ. ב. אין 1890), גראָד ערב דעם ערשטן מאַי, ווען מען האָט גערעכנט, אַז פון דער דעמאָלט בליענדיקער רעוואָלוציאָנערער און אַנאַרכיסטיש געשטימטער סינדיקאַליסטישער באַוועגונג וועט אַרויסשפּראָצן אַן אַנטשלאָסענע מאַסנאַקציע. ס'איז דעמאָלט אויך געווען דאָרט, אויב מיר געדענקען גוט, לואי גראַשי גאַלעאַני. אין יענער דאַטע איז אין פּאַריז פאַרעפנטלעכט געוואָרן מיט זיין מיטאַרבעטערשאַפט אַן איינמאָליקע אויסגאַבע פון „ל'עמאַנציפּאַציאָנע". אָבער פון יענער קורצער

רייזע איז ער צוריקגעקומען מיט א גרויסער אנטוישונג, וועלכע האט נישט ווינציק געווירקט ארויסצורופן אין אים א שטעלונג פון ווינציקער צוטרוי צו דער סינדיקאליסטישער באוועגונג.

סוף אויגוסט 1907 איז ער במשך פון א וואך צייט געווען אין אמ־סטערדאם, ביים אינטערנאציאנאלן אנארכיסטישן קאנגרעס, וועלכער איז דארט דעמאלט פארגעקומען. ער איז געהאט באשטימט געווארן אלס דע־לעגאט דורך אן איטאליעניש - אנארכיסטישן קאנגרעס, וועלכער איז גע־האט פארגעקומען מיט עטלעכע וואכן פאר דעם.

ער האט ביי דעמדאזיקן קאנגרעס פארנומען דעם וויכטיקסטן פלאץ, באטייליקנדיק זיך ענערגיש אין אלע דיסקוסיעס, האלטנדיק ווערטפולע רע־דעס וועגן דער אנארכיסטישער ארגאניזאציע, דעם סינדיקאליזם, מיליטא־ריזם א. א. וו., וועלכע האבן גורם געווען די איבערוועגונג פון דער אנאר־כיסטיש־ארגאניזאטארישער און רעוואלוציאנערער ריכטונג, וועלכע איז אזוי ווייט פון די אינדיווידואליסטישע גוזמאות און דעם סינדיקאליסטישן אונילאטעראליזם. ער אליין האט געגעבן אן אויספירלעכן באריכט פונ׳ם קאנגרעס אין „טאן נאוואַ״ פון פאריז, נאך וועלכן עס זיינען נאכגעקומען אייניקע וויכטיקע ארטיקלען אין „פרידאם״ וועגן דעם שייכות צווישן סינ דיקאליזם און אנארכיזם.

אין 1911—12, ווען איטאליע, אונטער דזשיאליטיס ממשלה, האט זיך אריינגעווארפן אין דער אפריקאנישער אווענטורע, פירנדיק מלחמה מיט טערקיי פאר דער דעראבערונג פון טריפאליס, האט מאלאטעסטא דורך רעדעס, אויפרופן און אן איינמאליקער אויסגאבע פון „די טריפאליסער מל-חמה״ (1912) ארויסגערופן א באוועגונג צווישן די איטאליענער אין לאנ־דאן קעגן דער רעגירונג אין רוים. ביי דערדאזיקער געלעגנהייט האט א גע־היימאגענט פון דער איטאליענישער פאליציי, — וועלכער האט געזאגט, אז ער איז אן אנארכיסט, אבער וועגן וועלכן אלע האבן געצווייפלט און אים חושד געווען זייט א לאנגער צייט, — עפנטלעך אנגעגריפן מאלאטעס־טאן אלס... אן אגענט פון טערקיי! מאלאטעסטא האט רעאגירט און אנ־געוויזן אויף דעם אמתן ווערט פונ׳ם נארישן פערשוין. דער אויסוואורף האט זיך געווענדט צו דער ענגלישער יוסטיץ, אנקלאגנדיק מאלאטעסטאן פאר פארלוימדונג אן באווייזן, פאר וואס ער איז פארמשפט געווארן אויף

אַ קורצע צייט תפיסה און ארויסגעשיקט צו ווערן פון לאַנד. דער ענגלישער אַרבעטערקלאַס האָט זיך אָבער ווי איין מאַן געשטעלט אויף מאַלאַטעסטאַס זייט און מ'האָט מער וועגן דער אַרויסשיקונג נישט גערעדט. אביסל שפּעטער איז ער געגנצלעך באַפרייט געוואָרן.

אין יענער צייט איז קיין לאָנדאָן אָנגעקומען גוסטאַוו הערווע, וועלכער האָט שוין דעמאָלט אָנגעהויבן זיין „רעכטפּאַרטיקונג פונ'ם צוריקצוג", אַ ריקצוג, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די אומפאַרשעמטסטע אָפּטריניקייטן. מאַלאַטעסטאַ איז בייגעוועזן זיינעם אַ רעפעראַט אין שאָרדיטש האָל און נעמענדיק נאָכדעם דאָס וואָרט האָט ער אויף אַ לייכטן אופן אָפּגעוואָרפן זיינע מטושטשע יאַקאָבינישע און פאַרמאַסקירט רעפּאָרמיסטישע אידעען.

אין יוני פונ'ם קומענדיקן יאָר, 1913, איז דערשינען אין אַנקאָנאַ די נייע אַנאַרכיסטישע צייטשריפט „וואָלאָנטאַ" (ווילן), מיט דער הסכמה און מיטאַרבעטערשאַפט פון מאַלאַטעסטאַן פון לאָנדאָן, וועלכער האָט צוויי חדשים שפּעטער, אין אויגוסט, פונדאָסניי פאַרלאָזט ענגלאַנד, כדי צו פאָרן קיין איטאַליע און זיך באַזעצן אין אַנקאָנאַ. ווען ער איז, אונטערוועגס, פאַרבייגעפאָרן מילאַן, איז ער באַערט געוואָרן דורך ב ע נ י ט אָ מ ו ס אָ ל י נ י, דעמאָלטדיקער רעדאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער צייטונג „אוואַנטי", אין וועלכער ער האָט פאַרעפנטלעכט אַן אינטערוויו מיט מאַלאַטעסטאַן און מיט אים אָנגעקניפּט פריינטשאַפטלעכע באַציונגען. במשך פון אַ צענדליק חדשים האָט מאַלאַטעסטאַ אַנטוויקלט אַ פיבערהאַפטיקע פּראָפּאַגאַנדע איבערן גאַנצן לאַנד, אַ פּראָפּאַגאַנדע אַזוי ווי שטענדיק אַ טאָפּלטע: אַן אויפקלערעריש - אידעאָלאָגישע אויפן טעאָרעטישן געביט פון איין זייט און אַ פּראַקטיש - רעוואָלוציאָנער - צוגרייטערישע — פון דער אַנדערער זייט. אָבער אין יוני 1914, נאָך די ראַיאָטן פון ראָמאַגנאַ און דע לאַס מאַרקאַס, באַקאַנטע אונטערן נאָמען פון דער „רויטער וואָך" (ווייל זיי האָבן געדויערט פון איין זונטיק ביז צום צווייטן), וועלכע זיינען אויסגעבראָכן צוליב אַ שחיטה אויף דער אַרבעטערשאַפט מצד דער פּאָליציי אין אַנקאָנאַ, ראַיאָטן, אין וועלכע מאַלאַטעסטאַ האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט, איז קעגן אים אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַרעסטבאַפעל און ער איז פונדאָסניי געצוואונגען געוואָרן צו אַנטלויפן. ער איז ווידער אַנטלאָ־

פון קיין לאָנדאָן, וואו ער האָט זיך אומגעקערט צו זיין ארבעט אלס מע־כאַניקער, אַן ארבעט, וועלכע ער האָט נישט פאַרלאָזט ביז דעצעמבער 1919.

עפּעס מער ווי מיט א חודש שפּעטער איז אויסגעבראָכן די וועלט־מל־חמה. בעת אייניקע פון זיינע אלטע פריינט, מיט אַ גרופּע פון אזוי גערו־פענע אַנאַרכיסטישע אינטעלעקטואלן, פראַנצויזישע אָדער פראַנקאָפילן, האָ־בן פאַרלוירן די קעפּ — קראָפּאָטקין, מאַלאַטאָ, גראַוו א. אנד. — איז ער געבליבן געטריי צוגעבונדן צו זיינע פרייהייטלעך - רעוואָלוציאָנערע און אינטערנאַציאָנאַליסטישע אידעען קעגן דעם קריג פון אלע מלובות און אלע קאַפּיטאַליזמען, נישט אריינפאלנדיק צו דערזעלבער צייט אין די טעותן פון נייטראַליזם פון געוויסע סאָציאַליסטן און פון׳ם פּוסטן בורזשואזנעם פּאַציפיזם, וועלכע מאַנכע אַנאַרכיסטן האָבן יאָ אָנגענומען, כאָטש דערדאָ־זיקער נייטראַליזם איז אין פאַרגלייך צו דער קריגס־פאַרשיקערונג פון אַנ־דערע געווען מער פאַרשטענדלעך און ווינציקער שעדלעך. פון׳ם ערשטן מאָמענט אָן האָט ער זיך ענערגיש קעגנגעשטעלט קעגן די קריגסטענדענצן וועלכע האָבן זיך, לויטן שלעכטן ביישפּיל פון די דייטשע, פראַנצויזישע, בעלגישע און אנדערע סאָציאַלדעמאָקראַטישע מערהייטן געפּרו־ווט אריינ־דרינגען אויך צווישן די אַנאַרכיסטן און דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַ־ריאַט. אחוץ דער רעוואָלוציאָנערער פּראָפּאַגאַנדע אין לאָנדאָן האָט ער גע־שריבן מאַניפעסטן, אָפענע בריוו, ארטיקלען, וועלכע זיינען אין גרויסן רוב פאַרעפנטלעכט געוואָרן געהיים אין אלע קריג־פירנדיקע לענדער.

ער האָט זיך אָנגעשטרענגט קעגנצו־ווירקן דער פּראָפּאַגאַנדע צום גונ־סטן איטאַליעס אריינטרעטן אין קריג אזוי לאַנג דאָס איז מעגלעך געווען דורך אויפרופן, וועלכע זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „וואָלאָנטאַ״ פון אנקאָנאַ און „איל ריסוועגליאָ״ פון גענף; און ווען איטאַליע איז לסוף אויך אריינגעטרעטן אין קריג, אין מאי 1915, האָט ער אָנגעשריבן פאַרן „פרי־דאָם״ פון לאָנדאָן אַן אויסגעשריי פון אויפברויז און ווייטיק. און ווען די פריער דערמאָנטע פראַנצויזישע אַנאַרכיסטישע גרופּע האָט שפּעטער, אין 1916, פאַרעפנטלעכט אַן אומגליקלעכן מאַניפעסט קעגן די כוונות אָדער שטימען פון פרידן, איז מאַלאַטעסטאַ פונדאָסניי ארויס קעגן זיי מיט א מאַ־ניפעסט: „שטאַטס־אַנאַרכיסטן״, וועלכער איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין

אַלע שפּראַכן און פאַרשפּרייט געוואָרן אומעטום, צום טראָץ די צענזורן און מיליטערישע דיקטאַטורן.

נאָך פאַרן סוף פון דער מלחמה האָט מאַלאַטעסטאַ בסדר געבעטן אין איטאַליענישן קאָנסולאַט אין לאָנדאָן אַ וויזע אַריינצופאָרן קיין איטאַליע, אָבער ער האָט די דערלויבעניש באַקומען ערשט דורך דעם דרוק פון דער וואַקסנדיקער פאָלקסבאַוועגונג אויף דער האַלבאינדזל אין 1919, וועלכע האָט דראָענדיק פאַרלאַנגט, מען זאָל אים אַריינלאָזן אין לאַנד. שוין האָ־בנדיק דעם פּאַספּאָרט האָבן די ענגלישע און פראַנצויזישע רעגירונגען, דורך אַ העצע פון דער איטאַליענישער, געפּרו־ווט שטערן אים די רייזע און ער האָט לסוף, כדי דאָך אַריינצוקומען קיין איטאַליע, געמוזט מאַכן די רייזע בסוד, אין אַ גריכישער האַנדלסשיף, וועלכע האָט אים אַרום סוף דעצעמבער אַראָפּגעלאָזט אין טאַראַנטאָ.

אָנקומענדיק בסוד פון טאַראַנטאָ קיין גענוא איז ער יובלענדיק אויפ־גענומען געוואָרן פון דער אַרבעטערמאַסע, וועלכע איז באַלד געוואָר גע־וואָרן וועגן זיין אָנקומען. אין׳ם ערשטן טור, וואָס ער האָט תיכף אונטער־גענומען איבער גאַנץ איטאַליע, צוליב פּראָפּאַגאַנדע און אויסקוק, האָבן זיך דיזעלביקע ענטוזיאַסטישע און אַפּלאָדירנדיקע מאַסן אומעטום געזאַ־מלט, וואו מען האָט אים נאָר געקאָנט זען און פלעגן קומען אין אַלע שטעט אין די צענדליקער טויזנטער, כדי אים צו הערן רעדן. זיין רייזע איז געווען אַ טריומף־רייזע און דער איינדרוק, וואָס מאַלאַטעסטאַ האָט זיך איינגיכן געשאַפן, איז געווען, אַז די רעוואָלוציע אין איטאַליע איז מעגלעך, אַז זי האַלט שוין, בעסער געזאָגט, אין ווערן אַ פאַקט. און אַז ס׳איז נויטיק תיכף אויסצונוצן דעם גינסטיקן מאָמענט, ווייל „אַ נ ד ע ר ש — לויט ווי ער האָט געזאָגט ביי אַ מיטינג פון יענע טעג אין׳ם גרעסטן טעאַטער פון באָ־לאָניע — װ ו ע ל ן מ י ר ב א צ אָ ל ן מ י ט ב ל ו ט י ק ע ט ר ע ר ן ד י מ ו ר א, נ ו אָ ס מ י ר פ אַ ר א ו ר ז אַ כ ן א י צ ט ע ר ד ע ר ב ו ר ז ש ו אַ ז י ע!״

דער האַס פון די קאַפּיטאַליסטן און רעאַקציאָנערן איז תיכף אויף אַ ווילדן אופן אויסגעבראָכן קעגן אים. די צייטונגען האָבן אים באַליינגט מיט באַליידיקונגען און האָבן אויסגעטראַכט די אומגעלומפּערטסטע געשיכטעס קעגן אים. אין פעברואַר 1920 האָט די פּאָליציי פון טאָסקאַנאָ אים גע־

פרו־ווט צו אַרעסטירן, אָבער דער תיכּפדיקער אויפברויז פון דער באַפעל־קערונג פון דער גאַנצער געגנט, וועלכע איז אַרויס אין גאַס און דראָענדיק געפאָדערט זיין באַפרייונג, האָט געגעבן רעזולטאַטן און ער איז באַלד באַ־פרייט געוואָרן. ביי די מיטינגען, וואו ער האָט גערעדט, האָט מען גע־פרו־ווט אים צו דערמאָרדן; די פּאָליציייאישע פּראָוואָקאַטאָרס פלעגן בכיוון פּראָוואָצירן אומאָרדענונגען און טומלען און נאָכדעם שיסן אין דער ריכ־טונג, וואו ער האָט זיך געפונען, אַזוי ווי עס איז פאָרגעקומען אין מילאַן, פּיאַצענסאַ און פלאָרענץ. אָבער מאַלאַטעסטאַ האָט זיך פאַר גאָר נישט אָפּ־געשראָקן און ער האָט נישט דורכגעלאָזט קיין איין רוף אָדער געלעגנהייט, צו גיין צו די מאַסן און צו זיי רעדן.

סוף פעברואַר האָט ער זיך באַזעצט אין מילאַן, כדי צו רעדאַקטירן דאָרט די טעגלעכע צייטונג „אומאַניטאַ נאָוואַ" (נייע מענטשהייט), וועל־כערס פּראָגראַם ער האָט נאָך געהאַט אָנגעשריבן אין לאָנדאָן. די צייטונג האָט אָנגעהויבן דערשיינען דעם 28־טן פעברואַר 1920. דאָס איז געווען אַ ברויזנדיקע, קעמפערישע און אידעישע צייטונג, וועלכע האָט באַלד דער־גרייכט אַ טיראַזש פון 50 טויזנט עקזעמפּליאַרן. מאַלאַטעסטאַ האָט אין איר פאַרשפּרייט לערן און עצות פון פּראַקטישן כאַראַקטער פאַרן זיג און דעם לעבן פון דער רעוואָלוציע און צו דערזעלבער צייט אויך פאַרעפנט־לעכט אַרבעטן פון טעאָרעטישן און פּאָלעמישן כאַראַקטער, באַזונדערס וועגן דער פרייהייטלעכער (אַנטידיקטאַטאָרישער) אָריענטאַציע, וועלכע מ׳דאַרף געבן דער רעוואָלוציע גופא. ער האָט דיסקוטירט מיט די פאַרשידענע סאָ־ציאַליסטישע און רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען, שטענדיק אויף אַ העפלע־כן אופן, אָנווייזנדיק אויף דער נויטווענדיקייט פון אַ העכערער האַרמאָניע אינ׳ם געמיינזאַמען קאַמף, נישט אויסשליסנדיק די גרעסטע קאָמפּראָמיס־לאָזע טרייהייט צו די אייגענע אידעען.

די איטאַליענישע רעגירונג איז געווען ווילד-דערצערנט קעגן „אומאַ־ניטאַ נאָוואַ" און זי האָט אויסגעפּרו־ווט אַלע מיטלען צו שטערן איר דער־שיינונג. ס׳איז אפילו איינמאָל נויטיק געווען צו דראָען מיט אַ שטרייק אין די קוילנמינען פון וואַלדאַרנאָ, כדי צו צווינגען די רעגירונג, וועלכע האָט דערמאָנט געהאַט דעם קאָנטראָל איבערן צייטונגספּאַפּיר, אַז זי זאָל

דער צייטונג צושיקן דאָס נויטיקע פּאַפּיר, וועלכעס איז שוין געווען באַ־צאָלט אין פאָרויס.

צו דער אַרבעט אַלס זשורנאַליסט האָט נאָך מאַלאַטעסטאַ פאַריייניקט אין זיך די טעטיקייט אַלס אָרגאַניזאַטאָר. ווי נאָר ער איז אָנגעקומען קיין איטאַליע האָט ער זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין די חברים פון דער „אוניאָנע אַנאַרקיקאַ איטאַליאַנאַ", וועלכע איז מיט אַ יאָר צוריק געהאַט געגרינדעט געוואָרן אין פלאָרענץ מיט דער טעאָרעטישער און פּראַקטישער אָריענטאַ־ציע, וועלכע ער האָט געפּרעדיקט איבער דרייסיק יאָר. ער האָט זיך באַטיי־ליקט אין אַלע אירע שפּעטערדיקע קאָנגרעסן, זי פאַרטיידיקט אין די דיס־קוסיעס, זי פאַרטראָטן ביי די אינטערפּראָלעטאַרישע צוזאַמענפאָרן און אָנ־געשריבן איר פּרינציפּן־דערקלערונג. ער איז געווען ווייט פון יערן סעקטאַ־ריזם און ער האָט פאַרטרעטן די מיינונג, אַז ס'דאַרף הערשן אַ האַרמאָנישע און ברודערלעכע צוזאַמענאַרבעט אויך מיט די אַנאַרכיסטן פון אַנדערע טענדענצן. „אומאַניטאַ נאָוואַ" איז שטענדיק, ביז צום סוף, געווען דער גע־מיינשאַפטלעכער אָרגאַן פון אַלע אַנאַרכיסטן.

אין יענער צייט האָט ער אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע אַקטיוויטעט אַלס פּראָפּאַגאַנדיסט, אַלס רעדנער און ער פלעגט גערופן ווערן, ביי יעדער וויכ־טיקער געלעגנהייט, אין די פאַרשידנסטע פונקטן פון לאַנד. בעת דער פאַר־כאַפּונג פון די פאַבריקן (אויגוסט ־ סעפּטעמבער 1920) האָט ער אַנטווי־קלט אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט, נישט בלויז מיט זיינע אַרטיקלען אין דער צייטונג, נאָר אויך מיט זיין פּערזענלעכער באַטייליקונג אין אַ גרויסער צאָל עפנטלעכע און געהיימע זיצונגען און פאַרזאַמלונגען און מיט זיין באַ־זוכן די באַזעצטע פאַבריקן אין מילאַן, כדי צו דערמוטיקן די אַרבעטער און זען, אַז די באַוועגונג זאָל זיך אויסשפּרייטן. די דאָזיקע באַוועגונג איז, לויט אים, געווען די בעסטע געלעגנהייט פאַר אַ דערפאָלגרייכער רעוואָלו־ציע אָן בלוטפאַרגיסונג. ס'איז נויטיק געווען צו באַזעצן די עלעקטרישע סטאַציעס פון אַלע אַנדערע אינדוסטריעס, פאַרכאַפּן די ערד א. ד. גל. און באַזעצן די גאַסן דאָרט, וואו קיין אינדוסטריעס זיינען נישט געווען. צום אומגליק האָט מען זיך נישט נענוג צוגעהערט צו זיינע רייד און דידאָזיקע וואונדערבאַרע באַוועגונג האָט זיך פאַרענדיקט מיטן פאַרלאָזן די פאַבריקן מצד דער אַרבעטערשאַפט, וועלכע האָט זיך געלאָזט אָפּנאַרן פון די נאַרישע

צוזאַגנישן, וועלכע די דעמאָלטדיקע רעגירונג האָט געגעבן די סאָציאַליס־טישע דעפּוטאַטן.

עס האָט זיך תיכף נאָכדעם אָנגעהויבן די קאַפּיטאַליסטיש ־ רעאַקציאָ־נערע און שטאַטלעכע אָפענזיווע. אַזוי גראָד ווי די אָנזעעוודיקסטע אַנאַר־כיסטן אין גאַנץ איטאַליע איז אויך מאַלאַטעסטאַ דעם 17-טן אָקטאָבער אַרעסטירט געוואָרן אין מילאַן ווי נאָר ער איז צוריקגעקומען פון באָלאָניע, וואו ער האָט פאַרברענגט צוויי וואָכן אינ׳ם הויז פון׳ם שרייבער פון די שורות און פאַרענדיקט זיין בוך דיאַלאָגן „אין קאַפע" און זיך באַטייליקט אין אַ גראַנדיעזן מיטינג פאַר די פּאָליטישע אַרעסטירטע, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ שווערן קאָנפליקט צווישן דער אַרבעטערשאַפט און דער פּאָליציי. ס׳איז קעגן אים און די חברים באָרגזשי, קוואַ־גליגאָ און באַלדיני פאַרפירט געוואָרן אַ מאָנסטעריעזער פּראָ־צעס, און די פּראָצעסירטע האָבן דעם 18־טן מערץ 1921, אַלס פּראָטעסט, דערקלערט אַ הונגערשטרייק, וועלכער האָט געשטעלט אין סכנה מאַלאַטעס־טאַס לעבן. די געמיטער זיינען געווען אויפגעברויזט. אין דער נאַכט פון 23־טן מערץ איז אינ׳ם טעאַטער „דיאַנאַ" פון מילאַן פאָרגעקומען אַ טראַ־גישער באָמבן־אַטענטאַט, וועלכער האָט פאַראורזאַכט אַסך קרבנות. אין שייכות דערמיט האָבן די באַשולדיקטע, אונטער דער ווירקונג פון די פאַר־טיידיקער און קעגן דעם ווילן פון מאַלאַטעסטאַן, אויפגעגעבן דעם הונגער־שטרייק. דעם 27־, 28־ און 29־טן יולי איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס און זיך פאַרענדיקט מיט דער גענצלעכער באַפרייונג פון אַלעמען.

דערווייל האָט די „אומאַניטאַ נאָוואַ", וועלכע איז נאָכן אַטענטאַט אינ׳ם טעאַטער צעשטערט געוואָרן דורך די פאַשיסטן, דעם 1־טן מאַי אָנ־געהויבן צו דערשיינען פונדאַסניי אין רוים. קוים איז מאַלאַטעסטאַ באַפרייט געוואָרן, האָט ער צוריק איבערגענומען די רעדאַקציע און תיכף דורך איר אָנגעהויבן אַ מוטיקן קאַמף קעגן פאַשיזם, וועלכער איז אין דער צייט פון זיין אַרעסט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלץ מער דראָענדיקער קראַפט. ער איז צוגעשטאַנען אין רוים צו די פּרו־וון פון שאַפן אַ באַוואָפנטע אַנטי־פאַשיסטישע גרופּירונג, די אַזויגערופענע „אַרדיטי דעל פּאָפּאָלאָ", ער האָט צוגעהאָלפן מיט זיין פערזענלעכער עצה, מיט דער פען און מיט זיינע רע־דעס אין דער עפנטלעכקייט צו די אַרבעטן פון דער „אַליאַנץ פון אַרבעט",

וועלכע איז געשאפן געוואָרן דורך די פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס און ער האָט נישט ווינציק בייגעשטייערט צו די באשלוסן וועגן דעם לעצטן גענעראַלשטרייק אין יולי פונ׳ם זעלביקן יאָר, נישט פאַרנאַכלעסיקנדיק צו דערזעלביקער צייט די איניציאַטיוועס פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג. אין אַפּריל איז ער צוזאַמען מיט אַנדערע ה׳ח. געפאָרן קיין ספּעציאַ, כדי צו האָבן דאָרט אַ שמועס מיטן אַנאַרכאָ - באָלשעוויק ה. סאַנדראָמירסקי, פון דער אָפיציעלער רוסישער דעלעגאַציע, כדי צו זען, צי ס׳איז מעגלעך עפּעס צו טון פאַר די פאַרפאָלגטע אַנאַרכיסטן אין רוסלאַנד, און אין סעפּטעמבער איז אים געלונגען אומבאַמערקט זיך אַריבערצוכאַפּן קיין ביעננע און סאַנקט אימיער, שווייץ, וואו עס איז פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג צו פייערן דעם 50 יאָריקן געדענקטאָג פונ׳ם ערשטן אַנאַרכיסטישן קאָנגרעס פון סאַנקט אימיער, דעם 15- און 16-טן סעפּטעמבער 1872.

עפּעס מער ווי אַ חודש נאָך מאַלאַטעסטאַס צוריקקומען קיין רוים, סוף אָקטאָבער, האָבן די שוואַרצע פאַשיסטישע באַנדעס דערגענצט זייער באַהערשונג פון איטאַליע מיטן „מאַרש אויף רוים". אַלס רעזולטאַט פון די צאָלרייכע שטערונגען, וואָס די פאַשיסטן האָבן געמאַכט אומעטום, מיט אויסנאַם פון רוים, דער צירקולאַציע און פאַרשפּרייטונג פון דער פרייער פּרעסע האָט די „אומאַניטאַ נאָוואַ" נאָך אין אויגוסט געמוזט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וואָכנבלאַט. דעם 30-טן אָקטאָבער איז די דרוקעריי און די רעדאַקציע צום צווייטן מאָל באַפאַלן און צעשטערט געוואָרן פון די פאַשיסטן. מאַלאַטעסטאַן איז נאָך געלונגען צו פאַרעפנטלעכן צוויי נומערן פון דער שריפט אין אַנדערע דרוקערייען (דער לעצטער נומער פון 2-טן דעצעמבער 1922), אָבער צום סוף איז געקומען דער אָפיציעלער רעגירונגספאַרבאָט, דאָס סעקוועסטרירן דאָס געלט פון דער קאַסע און דאָס פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן מאַלאַטעסטאַן און אַסך רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער.

דערדאָזיקער פּראָצעס איז נישט דערפירט געוואָרן ביז צום סוף, אָבער „אומאַניטאַ נאָוואַ" איז שוין געווען טויט און דאָס מאָל טאַקע דעפיניטיוו.

אַזוי ווי מ׳האָט מאַלאַטעסטאַן צעבראָכן די פּען אין דער האַנט, האָט ער באַלד נאָכדעם געעפנט אַ קליין פּראָנט־וואַרשטאַטל אַלס מעכאַניקער־עלעקטריציסט, אויפן וועג פון סאַן דזשיאָוואַני אין לאַטעראַנאָ און ער

האַט, נישט אַנטמוטיקט, זיך צוריקגענומען צו זיין לאַנדאַנער פאַך. קיין אַרבעט האָט אים נישט געפעלט; מ׳פלעגט אים רופן אין ביוראָס, פריוואַטע הייזער און אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען צו מאַכן פאַרשידענע רעפּאַראַציעס, אינסטאַלירונגען פון גאַז־ אָדער עלעקטרישע אַפּאַראַטן, אַרבעטן, אין וועלכע ער איז געווען זייער געניט. אָבער זיינע פריינט האָבן באַמערקט, אַז דידאָזיקע אַרבעט איז געווען צו שווער פאַר זיין עלטער און אַחוצדעם פלעגט אים די אַרבעט דערשווערט ווערן דורך דער פּאָליציי, וועלכע האָט באַלעסטיקט די, וואָס האָבן אים געגעבן אַרבעט, באַפאַלנדיק זייערע הייזער און דורכפירנדיק דאָרט רעוויזיעס. בערך מיט אַ יאָר שפּעטער, ביי דער געלעגנהייט פון זיין 70 יעריקן געבורטסטאָג, סוף 1923, האָט מען געטראַכט צו דערמעגלעכן אים, ער זאָל קענען לעבן פון אינטעלעקטועלער אַרבעט, אויסנוצנדיק דעם אומשטאַנד, וואָס אין יענער צייט האָט נאָך דער פאַשיסטישער רעזשים געהאַט איבערגעלאָזט אַ שמץ פון פרייהייט פון פרעסע. ווען ס׳איז געשאַפן געוואָרן דאָס נויטיקע געלט, האָט מאַלאַטעסטאַ דעם 1־טן יאַנואַר 1924 געקאָנט אָנהייבן אַרויסגעבן זיין זשורנאַל „פּענסיעראָ ע וואָלאָנטאַ״ (געדאַנק און ווילן), די לעצטע רעגולערע אויסגאַבע, וועלכע ער האָט רעדאַקטירט.

דערדאָזיקער זשורנאַל האָט במשך פון קנאַפּע דריי יאָר געפירט אַ שטורעמדיק לעבן; ער האָט באַלד דערגרייכט אַ גרויסן טיראַזש, אָבער די פאַשיסטישע געוואַלטמאַכט האָט אים נישט געלאָזט קיין רו. ווען ס׳איז נאָך מאַטעאָטיס דערמאָרדונג איינגעפירט געוואָרן די צענזור האָט זיך די פאַרפאָלגונג קעגן „פּענסיעראָ ע וואָלאָנטאַ״ פאַרשטאַרקט און איז כסדר גרויזאַמער געוואָרן. בלויז דאָס ערשטע יאָר האָבן געקאָנט דערשיינען אַלע 24 נומערן; אין צווייטן יאָר — מיט אויסנאַם פון די קאָנפיסקירטע נומערן — נאָר 16 און דיזעלביקע צאָל אין דריטן יאָר. דער לעצטער נומער איז דערשינען דעם 1־טן אָקטאָבער 1926. אין סעפּטעמבער נאָך דעם אַטענטאַט פון ד ז ש י נ אָ ל ו צ ע ט ט י קעגן מוסאָליני, איז מאַלאַטעסטאַ אַרעסטירט געוואָרן און געהאַלטן געוואָרן 12 טעג אין תפיסה; נאָכן צווייטן אַטענטאַט פון אַ נ ט אָ נ י אָ צ אַ מ ב אָ נ י, סוף אָקטאָבער, האָט ער זיך געראַטעוועט פון אַרעסט דערמיט, וואָס ער האָט זיך

אויסבאהאלטן. אָבער ווען ער האָט, נאָכדעם ווי די סכנה איז געווען פאַר־
ביי, געוואָלט פון דאָס ניי ארויסגעבן זיין „פענסיערא ע וואָלאָנטאַ", איז
שוין געווען אוממעגלעך. דער נומער 17 איז שוין געהאט אריינגעגעבן גע־
וואָרן אין דרוק, אָבער ער האָט נישט געקאָנט דערשיינען. א דראקאָנישער
רעגירונגס ־ דעקרעט האָט אָפּגעשטעלט דעם אנארכיסטישן זשורנאַל, צוזאַ־
מען מיט דער גאַנצער איטאַליענישער אָפּאָזיציאָנעלער אָדער פּשוט אומ־
אָפּהענגיקער פּרעסע.

געצוואונגען צו א פולשטענדיקן שווייגן אין איטאַליע האָט זיך מאַ־
לאַטעסטאַ נישט אָפּגעזאָגט פון צו לעבן דאָס לעבן פון'ם אנארכיסטישן גע־
ראַנק. אויך נאָכן 1926־טן יאָר האָט ער פאַרגעזעצט מיט זיינע אנארכיס־
טישע ארבעטן אין דער אויסלענדישער אנארכיסטישער פּרעסע. דער גרעס־
טער טייל פון זיינע ארבעטן זייט דעמאָלט זיינען דערשינען אין'ם „איל
ריסוועליאָ אנארקיקאָ" פון גענף און אין די לעצטע צייטן אין דער „ל'אדו־
נאַטאַ דעל רעפראַטטאָר" פון ניו יאָרק, נישט רעכענענדיק די נישט פּעריאָ־
דישע מיטארבעטערשאַפט זיינע אין אנדערע צייטשריפטן: „לאָטטאַ אומאַ־
נאַ" (מענטשלעכער קאַמף) און „לע ליבערטעיר" פון פּאַריז; „וואָגליאמאָ"
פון ביאסקאַ, „אַלמאַנאַקקאָ ליבערטאַריאָ" פון גענף, „„פּראַבוזשדעניע"
(אין רוסיש) פון דעטראָיט און „סטודי סאָציאַלי", וועלכע עס גיט ארויס
דער מחבר פון די שורות, אין מאָנטעווידעאָ. צווישן מאַלאַטעסטאַס לעצטע
ארבעטן דאַרפן דערמאָנט ווערן, צוליב זייער ספּעציעלער וויכטיקייט, אַן
אויספירלעכער אריינפיר צו מאַקס נעטטלויס לעצטן בוך „באַקונין און דער
אינטערנאַציאָנאַל אין איטאַליע" (גענף 1928) און די קריטיק צו א פּראָ־
יעקט וועגן „אַן אנארכיסטישער פּלאַטפאָרם" פון א גרופּע רוסישע אנאר־
כיסטן (1927). זיין לעצטע ארבעט איז געווען א פּאָלעמיש ארטיקל וועגן
„אנארכיסטישן רעוויזיאָניזם", וועלכעס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין
דער „ל'אַדונאַטאַ" פון ניו יאָרק, דעם 12־טן מערץ פון היינטיקן יאָר 1932.

דאָס, וואָס דער פאַשיזם האָט געצוואונגען מאַלאַטעסטאַן אָפּצושטעלן
יעדע עפנטלעכע אקטיוויטעט אין איטאַליע איז פאַר אים נישט גענוג געווען,
אים נישט צו רודפן. דער פאַשיזם האָט נישט געוואגט, צוליב זיין הויכער
עלטער, אים צו ארעסטירן אָדער צו פאַרשיקן; ס'איז די פאַשיסטן אָבער
געלונגען אויף א ליגנערישן און היפּאָקריטישן אופן אים פולשטענדיק צו

איזאָלירן, אַזוי ווי אַ געפּערלעכן מצורע, און אים אומאונטערבראָכן צו באַלעסטיקן. פון אָנהויב 1927 איז אַ פּאָליציי־אָפּטיילונג, פאַרזען מיט אויטאָמאָבילן און מאָטאָציקלעטן, שטענדיק, בײַטאָג און בײַנאַכט, געשטאַנען ביי דער טיר פון׳ם הויז, וואו ער האָט געוואוינט, אין דער קאַזאַרמע פון דער פּאַרטאַ טריונפאַלע, און אים געהיט. און איין מאַן פון דער אָפּטיילונג, וועלכער פלעגט אַלע עטלעכע שעה געביטן ווערן, איז שטענדיק געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג פון זיין דעפּאַרטאַמענט, אין אַ ווינקל אויפן דריטן שטאָק. אויב מאַלאַטעסטאַ איז אַרויסגעגאַנגען איז אים נאָכגעגאַנגען אַ פּאַטרול; דאָסזעלביקע זיין חברטע עלענאַ מעללי און איר טאָכטער דזשעמאַ. אויב ער איז אַריין ערגעץ אין אַ הויז האָט די פּאָליציי אויך געמוזט אַריינגעלאָזט ווערן; אויב עמעצער איז אים געקומען באַזוכן, אָדער זיך אָפּגעשטעלט שמועסן מיט אים אויף דער גאַס, אָדער אים בלויז באַגריסט, איז ער פאַרהאַלטן, רעווידירט און אַרעסטירט געוואָרן און נישט איינער האָט בלויז פאַר דעמדאָזיקן איינציקן "חטא" געדאַרפט פאַרברענגען יאָרן אין תפיסה אָדער אויף אַ פאַרשיקונגס ־ אינדזל.

צוויי מאָל, אין יאָר 1926 און 1930, האָט ער געפּרוּווט, אויף דער אָנווייזונג פון די דאָקטוירים, זיך צו קורירן דורך ים־לופט, אוועקפאָרנדיק אין די קליינע דערפער ביים ברעג פון ים — קיין עלענאַ און העראַצינאַ — אָבער ער האָט נאָך צוויי אָדער דריי טעג זיך געמוזט אומקערן צוריק קיין רוים, אַזוי שרעקלעך זיינען געווען די מיסברויכן מצד די פאַשיסטן און דער פּאָליציי קעגן אים, קעגן זיינע באַזוכער און קעגן יעדן איינעם, וואָס פלעגט זיך צו אים דערנענטערן צוליב דער מינדסטער סיבה. זיין קאָרעספּאָנדענץ פלעגט רעווידירט ווערן דורך דער צענזור און אָפּטמאָל פלעגט זי אים לחלוטין נישט איבערגעגעבן ווערן; די אויסלענדישע צייטונגען, וואָס מען פלעגט אים שיקן, פלעגן אינגאַנצן סעקוועסטרירט ווערן; מ׳האָט אפילו נעפּרוּווט, כאָטש דאָס איז נישט געלונגען, ווירקן אויף די באַנקן, אַז זיי זאָלן אים נישט איבערגעבן דאָס געלט, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט אָנקומען פון זיינע אויסלענדישע פריינט. איינמאָל איז אַן אוניווערזיטעטס ־ פּראָפעסאָר, אַ דורכאויס אַפּאָליטישער, אָנגעגריפן געוואָרן אין דער פאַשיסטישער פּרעסע, אָפּגעזאָגט געוואָרן פון זיין קאַטעדרע און אונטערגעוואָרפן

געוואָרן צו אַ געוויסער סאַנקציע בלויז דערפאַר, וואָס מאַלאַטעסטאַ איז, אגב אָן יענעמס וויסן, געקומען צו זיינער אַ לעקציע!...

פון צייט צו צייט פלעגט די פּאָליציי דורכפירן רעוויזיעס אין מאַלאַ־טעסטאַס וואוינונג, פלעגט סעקוועסטירן אַ וועלכעס בוך אָדער צייטונג, אַ בריוו אָדער אַ שריפטלעכע אַרבעט. מיט די אומגעלומפּערטסטע תירוצים פלעגט מען אריינפאַלן אין זיין וואוינונג, כדי זיך צו איבערצייגן, אַז ער איז דאָ, אויב ער פלעגט אַמאָל, צוליב זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד, אַ צייט נישט אַרויסגיין. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין אַנדערע שווערע באַלעסטיקונגען. אין 1928, נאָכן באָמבנאַטענטאַט אויפן פּלאַץ דזשוליאָ צעזאַרע אין מילאַן, האָט מען אַרעסטירט זיין חברטע, בלויז פאַרן אומ־שטאַנד, וואָס זי איז געווען פון דאָרט אַ געבירטיקע, און זי געהאַלטן מער ווי צוויי מאָנאַט אַרעסטירט. מ'האָט זי אַרויסגעלאָזט, זי אפילו נישט האָבנדיק אויסגעפאָרשט. אַ צווייטן מאָל איז זיין טאָכטער דזשעמאַ, אַ סטודענטקע, אינ'ם ראָג פון אַ גאַס, נישט ווייט פון איר הויז, אָנגעגריפן און פאַרוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ דורך אַ פּאָליציאַנט, וועלכער האָט זיך אין איר נוקם געווען פאַר אַ פאָרוואורף, וואָס ער האָט באַקומען פון זיינע פאָרגעזעצטע פאַר אַ פאַרנאָכלעסיקונג אין שייכות מיט דער שמירה ארום איר.

פון דעם אַלעם געזאָגטן איז זיך נישט צו פאַרוואונדערן, וואָס מאַלאַ-טעסטאַס געזונט, נעמענדיק אין אכט זיין הויכע עלטער, ביי די אַכציק יאָר, איז מיט יעדן טאָג ערגער געוואָרן. שווערע בלוטשטורצן האָבן נאָך אין 1926 געשטעלט אין סכנה זיין לעבן. ער איז שפּעטער געזונט געוואָרן, כאָטש ער פלעגט יעדן ווינטער דורכמאַכן אַ שווערן קריזיס. אָבער נאָך אַ שווערן צוריקפאַל אין פרילינג פונ'ם פאַרגאַנגענעם יאָר (1931), האָט ער שוין מער נישט געקאָנט קומען צו זיך. די היץ פונ'ם זומער האָט זיין לאַגע פאַרערגערט און ווען ס'איז געקומען דער ווינטער האָט ער זיך אָנ־געהויבן צו פילן וואָס אַ טאָג אַלץ ערגער און אַלע מאָל געדאַרפט האָבן קינסטלעכן זויערשטאָף צו אָטעמען. זיין האַרץ איז פיזיש כסדר שוואַכער געוואָרן, כאָטש מאָראַליש האָט ער מיט דער גרעסטער ענערגיע אויסגע־האַלטן. ער פלעגט כסדר שרייבן בריוו צו די פריינט און אויך צייטנווייז אַרטיקלען מיטן שטענדיקן צוטרוי אין דער צוקונפט.

אבער דעם 16־טן מערץ פונ׳ם לויפנדיקן יאָר (1932) האָט אים אַן אַנגריף פון לונגען־בראָנכיטיס, קאָמפּליצירט מיט זיין אלטן כראָנישן בראָנכיטיס, ווידער צוגעפירט נאָענט צום טויטנבעט. ער איז אָבער אין מאַי נאָך אביסל געקומען צו זיך, געקאָנט פארלאָזן דאָס בעט, זיך דורכגיין אביסל איבערן צימער, שלאָפן אביסל בעסער און דורכשרייבן זיך מיט זיינע פריינט. אָבער בלויז פאר א קליין שטיקל צייט! אין יוני איז צוריקגעקומען דער שטארקער פיבער און מיט דער קליינער הפסקה פון שוואכע האָפענונגען אויף א קליינער בעסערונג — דעם 11־טן יוני האָט ער נאָך געפּרו־ווט שרייבן בריוו — איז פלוצים געקומען דער סוף. צוויי אָדער דריי טעג איז ער געלעגן אין גסיסה און דעם 22־טן יולי, 12.20 אזייגער, האָט ער פארענדיקט זיין שטורעמדיק לעבן.

---

ע ר ר י ק אָ מ א ל אַ ט ע ס ט אַ ס טויט האָט פארטרויערט די גאַנצע אַנאַרכיסטישע פאַמיליע פון דער גאַנצער וועלט. אומעטום זיינען פאָרגעקומען טרויער־מאַניפעסטאַציעס. די פרעסע פון דער גאַנצער וועלט האָט געברענגט די אומגליקלעכע ידיעה — פון דער גאַנצער וועלט, מיט אויסנאַם פון דער איטאַליענישער. קיין שום איטאַליענישע צייטונג האָט נישט געברענגט קיין וואָרט וועגן מאַלאַטעסטאַס טויט. די לוויה איז פאָרגעקומען דעם 23־טן יולי 15 אזייגער; לויט א פּאָליציייאישער פאַראָרדענונג האָט מען נישט געטאָרט נאָכגיין צופוס נאָך דער לוויה, אפילו קיין בלומען האָט מען נישט צוגעלאָזט, מיט אויסנאַם פון אייניקע בוקעטן, וועלכע זי האָט געלאָזט אוועקלייגן אין שטוב אויף דער טרומנע. דער טויטנוואָגן האָט געמוזט אין גאַלאָפּמאַרש דורכמאַכן דעם וועג, וועלכן די פּאָליציי האָט אָנגעצייכנט; עס זיינען נאָכגעפאָרן דריי וועגן מיט קרובים און 15 פון די נאָענטסטע חברים, אַן אויטאָמאָביל מיט העכערער פּאָליציי און א לאַסטאויטאָ מיט פּאָליציאַנטן זיינען געפאָרן פאָרויס און הינטער דער לוויה אויף ביציקלעטן. אויפן גאַנצן וועג פון זיין הויז ביז צום צמענטער און אויף אלע ראָגן, זיינען געשטאַנען פּאָליציאַנטן און קאראַבינער און האָבן קיינעם נישט געלאָזט דורכקרייצן די גאַס אָדער פּרו־וון נאָכגיין נאָך דער לוויה. די פּאָליציי האָט די גאַנצע

נאַכט געהיט די טרומנע מיטן טויטן קערפּער אויפן צמענטער און זונטיק אינדערפרי, זעקס אזייגער איז די טרומנע אראָפּגעלאָזט געוואָרן אין גרוב אין געמיינשאַפטלעכן קבר פון די אָרעמע. פון דעמאָלט אָן שטייען כסדר צוויי פּאָליציאַנטן ארום דעם אָרעמען קבר און פארלאַנגען דאָקומענטן פון יעדן איינציקן, וואָס דערנענטערט זיך דאָרט אַהין. אפילו אלס מת שרעקט מאלאטעסטא אָפּ זיינע שונאים, די שונאים פון פּראָלעטאַריאַט און דער פרייהייט.



# מאַלאַטעסטאַס סאָציאַלע אידעען

במשך פון זיין איבער 60 יאָריקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט האָט מאַלאַטעסטאַ געהאַט די געלעגנהייט פולשטענדיק פאָרצולייגן אַלע זיינע אידעען וועגן דער סאָציאַלער פראַגע און דעם אופן, ווי אַזוי זי צו לייזן פאַרן וואויל פון דער גאַנצער מענטשהייט.

אין אַ גאָר גרויסער צאָל צייטונגען, צייטשריפטן און זשורנאַלן אין פאַרשידענע שפּראַכן האָט ער פאַרעפנטלעכט זיינע געדאַנקען. ווען מען וואָלט געקאָנט צענויפזאַמלען זיינע שריפטן — און עס וואָלט געווען זייער גוט, מ׳זאָל עס טוען — וואָלט מען געקענט אָנזאַמלען אַסך בענד פון אַ גאָר גרויסן פּערמאַנענטן ווערט. ער אַליין האָט אויף אַ געוויסן אופן רעזומירט זיינע אידעען אין קליינע גוט-באַקאַנטע און אין אַלע שפּראַכן, אַפילו אין די ווייטסטע און פאַר אונז גאַנץ פרעמדע, ווי יידיש, אַראַביש, אַרמעניש, כינעזיש, יאַפּאַנעזיש א. אנד., איבערזעצטע ווערקלעך. זיי זיינען: „צווישן פויערן“*, „די אַנאַרכיע“, „אין צייטן פון וואַלן“, „אין קאַפע, „די פּאַר־לאַמענטאַרישע פּאָליטיק אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג“ און „אונ־דזער פּראָגראַם“ — דאָס לעצטע איז אין יאָר 1920 מיט קליינע ענדערונ־גען און קאָרעקטורן מצד דעם מחבר גופא דערשינען פונדאַסניי אַלס פּרינ־ציפּן־דערקלערונג פון דער „אוניאָנע אַנאַרקיקאַ איטאַליאַנאַ“. אַסך אַנדערע בראָשורן און אייניקע ביכער זיינען נאָכדעם פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אָ־בער דאָס זיינען געווען איינפאַך זאַמלונגען פון זיינע אַרטיקלען.. באַזונ־דערס זיינען ווערט צו דערמאָנען זיינע דריי בענד אין דער שפּאַנישער שפּראַך: „שטודיען וועגן קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם“ (בוענאָס איירעס); „בלעטער פונ׳ם טאָג־טעגלעכן קאַמף“ (בוענאָס איירעס) און „אידעאַריאָ“.

---

*) ארויסגעגעבן אין יידיש אין יאָר 1922 פון דער גרופּע „פרייהייטלעכע סאציאַליסטן“ פון בערנאַסקאַני, ארגענטינע. 68 זייטן.

א וועלכע אומפארענדיקטע ארבעט זיינע איז אפשר, בעת ער איז געשטאָר־
בן, נאָך געבליבן צווישן זיינע שריפטן.

* *
*

אנב איז נויטיק דאָ אָנצו־ווייזן, אַז ווער עס וועט וועלן מיט דער נוי־
טיקער אויספירלעכקייט שטודירן מאלאטעסטאס וועלטאָנשויונג, וועט זיך
נישט קענען צופרידנשטעלן מיט דער קליינער צאָל ביכלעך, וואָס זיינען
דורך אים געזאמלט געוואָרן, מחמת זיי זיינען ארויסגעגעבן געוואָרן צוליב
פּראָפּאַגאַנדע - צוועקן און אין זיי האָט ער אויסגעדריקט מער דעם אַלגע־
מיינעם געדאַנקענגאַנג פון אַלע אנארכיסטן, אָדער פון'ם גרויסן רוב פון
זיי, ווי זיין אייגענעם; די ספּעציעלע כאַראַקטעריסטיק פון זיין אייגענעם
אידעענגאַנג האָט לאָגישערווייזע געמוזט פאַרנאַכלעסיקט ווערן. כדי צו
שטודירן זיינע אייגענע אידעען און מיינונגען, אין זייער פּערזענלעכער און
אָריגינעלער גרונטליניע, אריינגערעכנט אויך די, מיט וועלכע אסך האָבן
נישט מסכים געווען, מוז מען אָנקומען צו אַלעם איבעריקן, וואָס ער האָט
אין זיין לאַנגער און ברייטער זשורנאַליסטישער טעטיקייט געשריבן און
וואָס געפינט זיך צעשפּרייט אין רוים און אין צייט אין דער פאָרם פון
ארטיקלען, מאַניפעסטן, דיסקוסיעס, קאָמענטאַרן א. א. וו. אין די הונדער־
טער אויסגאַבן פון אַלע לענדער, אַ טייל פון וועלכע מיר האָבן שוין אויבן
אויסגערעכנט. און טאַקע אויפן סמך פון דער גאַנצער אָדער כמעט דער גאַנ־
צער מאַלאַטעסטיאַנישער ליטעראַרישער פּראָדוקציע נעם איך מיך אונטער
פאַרצולייגן זיינע סאָציאַלע אידעען אין די פאָרליגנדיקע בלעטלעך.

מאַלאַטעסטאס אידעען זיינען אין אַלגעמיינע שטריכן די אידעען
פון'ם רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַלן אַנאַרכיסטישן קאָמוניזם — „דער
רעוואָלוציאָנערער קאָמוניסטיש - אַנאַרכיסטישער פּראָגראַם (לויט זיין
אייגענער דעפיניציע), וועלכער איז נאָך מיט 50 יאָר צוריק פאָרטראָטן
געוואָרן אין איטאַליע דורך די קרייזן, וואָס האָבן געהערט צום 1־טן אינ־
טערנאַציאָנאַל אונטערן נאָמען פון: „סאָציאַליסטישער פּראָגראַם", האָט
זיך נאָכדעם געלאָזט הערן אונטערן נאָמען פון „אַנאַרכיסטישער סאָציאַ־
ליזם" און זיך שפּעטער, אַלס קעגנווירקונג צו דער וואַקסנדיקער אויטאָרי־
טערער און פאַרלאַמענטאַרישער דעגענעראַציע פון דער סאָציאַליסטישער

באוועגונג, גערופן פשוט „אנארכיזם". דעמדאָזיקן פּראָגראַם האָט ער סינ־טעטיזירט אין דער דערמאָנטער פּרינציפּן־דערקלערונג, וועלכע ער האָט פאָרגעלייגט פארן איטאַליענישן אנאַרכיסטישן קאָנגרעס פון 1920 אין באָלאָניע, אין פאָלגנדיקע טערמינען:

„1. די אָפּשאַפונג פונ'ם פּריוואַטן באַזיץ פון דער ערד, די רוימאַ־טעריאַלן און די ארבעטסמכשירים, כדי קיינער זאָל נישט האָבן די מיטלען צו לעבן אויפן חשבון פון יענעמס אַרבעט און כדי אַלע — האָבנדיק גאַ־ראַנטירט די מיטלען צו פּראָדוצירן און צו לעבן — זאָלן זיין באמת אומ־אָפּהענגיק און זיך קענען אויף אַ פרייען אופן אָנשליסן און פאַרייניקן צו און מיט די איבעריקע דורכן אַלגעמיינעם אינטערעס און אין הסכם מיט זייערע פּערזענלעכע סימפּאַטיעס.

„2. די אָפּשאַפונג פון דער רעגירונג און פון יעדער מאַכט, וואָס דע־קרעטירט געזעצן און צווינגט זיי אַרויף אויף די איבעריקע. דאָס הייסט בכן די אָפּשאַפונג פון די מאָנאַרכיעס, רעפּובליקן, פּאַרלאַמענטן, אַרמייען, פּאָליציי, מאַגיסטראַטורן און פון אַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אַ צוואַנגס - כאַראַקטער.

„3. די אָרגאַניזירונג פונ'ם געזעלשאַפטלעכן לעבן דורך די פרייע אַ־סאָציאַציעס און פעדעראַציעס פון די פּראָדוצירער און קאָנסומירער, וועל־כע דאַרפן געשאַפן און געענדערט ווערן לויט דעם ווילן פון זייערע מיט־גלידער, געפירט ווערן דורך דער וויסנשאַפט און דער דערפאַרונג און וועל־כע דאַרפן זיין פריי פון יעדן צוואַנג, וועלכער האָט נישט זיין שורש אין די נאַטירלעכע נויטווענדיקייטן, צו וועלכע יעדער איינציקער וואָלט זיך אונטערגעוואָרפן פרייוויליק, מחמת דאָס באַוואוסטזיין פון דער אומפאַר־מיידלעכער נויטווענדיקייט וואָלט אים דערצו געראָטן.

„4. גאַראַנטירן די מיטלען צו לעבן, צו אַנטוויקלונג און צו וואויל־שטאַנד פאַר די קינדער און פאַר אַלע די, וועלכע זיינען אומפעיק זיך אַליין צו פאַרזאָרגן.

„5. קריג די רעליגיעס און אַלע ליגנס, ווען אפילו זיי באַהאַלטן זיך אונטערן מאַנטל פון וויסנשאַפט. וויסנשאַפטלעכע בילדונג פאַר אַלעמען און ביז צום העכסטן גראַד.

„6. קריג די פּאַטריאָטישע צאַנקערייען און אָבערגלויבנס. די אָפּשאַ־פונג פון די גרענעצן — ברידערלעכקייט צווישן די פעלקער.

„7. די נייע שאַפונג פון דער פאַמיליע אויף דעם אופן, אז זי זאָל זיין א רעזולטאַט פון דער פּראַקטיק פון דער ליבע, פריי פון יעדער לעגאַלער פאַרבינדונג, פון יעדן עקאָנאָמישן אָדער פיזישן דרוק, פון יעדן רעליגיעזן אָבערגלויבן”.

מאַלאַטעסטאַ איז געווען שטאַרק צודרינגלעך וועגן דעם סאָציאַליס־טישן כאַראַקטער פונ׳ם אַנאַרכיזם. דער אמתער סאָציאַליזם, ד. ה. דער, וואָס איז אמקאָנסעקווענטסטן מיט זיינע פּרינציפּן, איז, לויט אים, דער אַנאַרכיזם. פונדעסטוועגן איז דער אַנאַרכיזם, לויט אים, נישט דווקא קיין קלאַסן־אידעאַל, פון די ארבעטער אליין, נאָר טאַקע א מענטשלעכער אידע־אַל, וועלכער שטרעבט צו דער אָפּשאַפונג פון אלע קלאַסן־צעטיילונגען, כדי צוצוקומען צו דער ברודערלעכקייט פון אַלעמען, אינ׳ם וואוילשטאַנד און דער פרייהייט פון אַלע מענטשן. טראָץ דעם אַלעם האָט ער אינ׳ם קאַמף פונ׳ם באַדריקטן און עקספּלאָטירטן קעגן דעם באַלעבאַטישן קלאַס געזען איינעם פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן פון דער באַפרייענדיקער רעוואָלו־ציע, וועלכע איז נויטיק, כדי צו דערגרייכן די צילן פונ׳ם אַנאַרכיזם.

דערפאַר האָט ער אימפּולסירט די פּראָפעסיאָנעלע קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פון די ארבעטער אין זייערע ארבעטערפאַריינען לויט די פאַכן אָדער אינ־דוסטריעס, וועלכע דאַרפן זיין אָפן פאַר אלע אינטערעסירטע אָן א חילוק פון זייער פּאָליטישן אָדער סאָציאַלן אני מאמין, אין וועלכע די אַנאַרכיסטן דאַרפן זיך באַטייליקן, כדי דאָרט צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע און שטויסן די ארבעטער־באַוועגונג וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער אויפן וועג פון אַנטיקאַ־פּיטאַליסטישן און אנטישטאַטלעכן קאַמף — צום קאַמף מיט רעוואָלוציאָ־נערע מעטאָדן און מיטלען.

צו דערזעלבער צייט האָט מאַלאַטעסטאַ געהאַלטן פאַר נויטיק די באַ־זונדערע אָרגאַניזציע פון די אַנאַרכיסטן צווישן זיך, מיט אַן אייגענעם פּראָ־גראַם און פאַרשידנאַרטיקע אייגענע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען מיט אַן עקס־טענסיוון און פערמאַנענטן כאַראַקטער אויף דער באַזע פון פריי־פעדעריר־טע גרופּן, ד. ה. אָן צענטראַליזאַציע און אָן אויטאָריטעט.

אלס רעוואָלוציאָנער, נעמענדיק אין אכט, אז ס'וועט זיין אוממעגלעך די עקספּראָפּריאַציע פונ'ם קאַפּיטאַליזם און די צעשטערונג פונ'ם שטאַט אָן א ראַדיקאַלער רעוואָלוציע, האָט מאַלאַטעסטאַ געהאַלטן פאַר נויטיק דעם באַוואָפנטן פאָלקסאויפשטאַנד, פון וועלכן דער גענעראַלשטרייק קאָן זיין דער ערשטער אָנהויב־סימן און זיין א וויכטיקער פאַקטאָר, כאָטש ער דאַרף נישט זיין דאָס איינציקע מיטל. די אַרבעטער בעת דער רעוואָלוציע דאַרפן בכן נישט אָפּשטעלן די אַרבעט; זיי דאַרפן בלויז אויפהערן צו אַר־בעטן פאַר די באַלעבאַטים און אונטער זייער אויפזיכט און תיכף אָנהויבן אַרבעטן פאַר זיך, אז עס זאָל אַפילו פאַר קיין איין רגע דעם אויפשטענ־דישן פאָלק נישט פעלן די נויטיקע לעבנסמיטלען. דער אויפשטאַנד דאַרף צו דערזעלבער צייט זיין א צעשטערערישער פון דער בורזשואזער מאַכט און אַן עקספּראָפּריאירנדיקער פון די מיטלען פאַר דער פּראָדוקציע און דעם קאָנסום און טאַקע תיכף א פּראָדוצירנדיקער, שאַפנדיקער און אָרגאַניזי־רנדיקער פונ'ם נייעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די באַוועגונג און דער קאַמף פון די אַנאַרכיסטן דאַרפן, אַפילו אינ'ם פּעריאָד פון דער פּראָפּאַגאַנדע, צוגרייטונג און ערב־רעוואָלוציאָנערער אַגי־טאַציע, זיין, בהסכם און האָבן א שייכות צום ענדציל; די וועגן און די מיט־לען דאַרפן בכן אויך זיין פרייהייטלעכע, רעוואָלוציאָנערע, אַנטישטאַטלעכע, אַנטיפּאַרלאַמענטאַרישע, אַנטירעפאָרמיסטישע, אַנטימיליטאַריסטישע, אַנ־טיקלעריקאַלע, קעגנערישע צו יעדער אונטערהאַנדלונג אָדער צוזאַמענאַר־בעט מיט די הערשנדיקע קלאַסן, קאַסטעס אָדער אָרגאַנען.

מאַלאַטעסטאַס פרייהייטלעכע און רעוואָלוציאָנערע פּרעדיקט האָט אַלס לייטמאָטיוו אַן אייגענע מאָראַלע קאָנצעפּציע. ער נעגירט און באַ־קעמפט די בורזשואזע און אויטאָריטערע מאָראַל, אָבער ער שטרייכט אונ־טער די נויטיקייט פון א געזעלשאַפטלעכער מאָראַל. דער בורזשואזער מאָ־ראַל פון עגאָיזם, פון קאַמף און פון קאָנקורענץ שטעלט ער אַנטקעגן די מאָראַל פון ליבע און סאָלידאַריטעט, באַזירט אויף דער פרייהייט. די אינ־דיווידועלע און קאָלעקטיווע געוואַלט איז נויטיק אינ'ם קאַמף און אין דער רעוואָלוציע אַלס מיטל צו באַקעמפן, באַזיגן און צעשטערן די שטאַטלעכע און די בורזשואזע געוואַלט, אָבער זי האָט נישט קיין רעקאָנסטרוקטיוון ווערט און זי דאַרף בכן געפינען א גרענעץ אין דער נויטיקייט פון דער

פּראַקטישער פּאַרטיידיקונג, פון דער שלאַכט און דער באַפרייונג און אויפ־הערן מיטן ענדגילטיקן שטורץ פון׳ם שונאס געוואַלט.

מאַלאַטעסטאַ איז געווען קעגנעריש צו טעראָריזם, דעם אויסברוך פון מאַכטלאָזיקייט, האַס און נקמה. ער פאַרשטייט און דערקלערט זיך די בלינדע און פאַרביטערטע געוואַלטאַקטן, אַלס רעזולטאַט פון די נידערטרעכ־טיקייטן פון די באַדריקער, וועלכע זיינען די אמתע פּאַראַנטוואָרטלעכע. אָבער די רעוואָלוציאָנערע אַקטן פון די באַוואוסטזיניקע אַנאַרכיסטן זיינען יענע, וואָס האָבן אַ פרייהייטלעכן ציל, האָבן אַ שייכות צו אַ הומאַניטאַרן סענטימענט און טרעפן נישט לויטן צופאַל אָדער גלאַט אַזוי אין דער מאַסע אריין, נאָר אין אַ פעסטבאַשטימטן ציל פון דער שטאַטלעכער און בורזשו־אַזער פּרעפּאָטענץ. אויפן זעלבן אופן האָט מאַלאַטעסטאַ באַקעמפט די טענדענץ פון אייניקע חברים, וואָס האָבן געוואָלט זען אַ גוט קאַמפּסמיטל אינ׳ם רויב אָדער „אינדיווידועלן צוריקנעם״. און ער האָט דאָס נישט גע־טון צוליב אַ דאָקטרינערן אָדער מאָראַליסטישן אַפּריאָריזם, נאָר צוליב דעם בורזשואַזנעם כאַראַקטער פון׳ם איינפּאַכן איבערגיין פון׳ם אייגנטום פון איין באַזיצער צום צווייטן, און צוליב די רעזולטאַטן, צו וועלכע די פּראַק־טיצירונג פון אַזעלכע מעטאָדן פירט אומגליקלעכערווייז, שוין נישט צו רע־דן פון די דעמאָראַליזירנדיקע און שרעקלעכע קאָנסעקווענצן, וואָס עס איז גורם אין דער פּראָפּאַגאַנדע און אין דער באַוועגונג. כאָטש די אורשפּרינג־לעכע כוונות זיינען געווען אויפריכטיקע — זיי צו העלפן און שטיצן.

וואָס שייך די באַציונגען פון די אַנאַרכיסטישע כוחות מיט די אַנדערע פּראָלעטאַרישע און פאָלקסכוחות, וועלכע ווילן אויך די געזעלשאַפטלעכע באַנייונג און שטייען אין קאַמף מיטן איצטיקן לעבנססדר, איז מאַלאַטעס־טאַ, אחוץ דעם, וואָס ער איז געווען — ווי מיר האָבן פריער שוין געזאָגט — פאַר דער פאַראייניקונג פון אַלע אַרבעטער אויפן געביט פון עקאָנאָמישן קאַמף, נישט געווען קעגן דעם שליסן אַפּמאַכן, געלעגנהייטלעכע, ספּעציעל פאַר דער גאַסנאַקציע, פאַר געוויסע בונטאַרישע אַקטן אָדער פאַר אַן אויפ־שטאַנד קעגן דער רעגירונג, אין דער פאַרטיידיקונג פון דער פרייהייט אָדער כדי זי צו דעראָבערן, מיט די פאַרשידנאַרטיקסטע רעוואָלוציאָנערע עלע־מענטן, נישט געקוקט דערויף, וואָס זייערע אידעען זיינען געווען אַנדערש ווי זיינע. פאַרשטייט זיך, אַז נאָר בתנאי, דאָס דערדאָזיקער אַפּמאַך זאָל

נישט באַטייטן דאָס אויפגעבן די איינענע קאָמפּראָמיסן אָדער אָפּזאָגן זיך פון א טייל פון די פרינציפּן; אַז דער אָפּמאַך זאָל פּאָרקומען אויפן געביט פון דער דירעקטער אקציע און זאָל נישט האָבן אין זיך דאָס אקצעפּטירן פון די אויטאָריטערע אָדער לעגאַליסטישע מעטאָדן; ער זאָל דויערן נאָר אזוי לאַנג ווי די רעספּעקטיווע אקציע און זאָל בשום אופן נישט שטערן די ברייטסטע אייגענע פרייהייט אין דער צוקונפט, נאָך דעם מעגלעכן זיג איבערן שונא.

אָבער הויפּטזעכלעך האָט מאַלאַטעסטאַ גענומען שטאַרק ערנסט די פראַגע וועגן דער האַרמאָניע צווישן די אַנאַרכיסטן גופא, און א חילוק פון די טענדענצן אָדער ריכטונגען. זיין סאָציאַליסטישער, בעסער געזאָגט קאָמוניסטישער אויסטייטש פון׳ם אַנאַרכיזם, זיינע גינסטיקע אידעען פאַר דער אַנאַרכיסטישער און סינדיקאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, זיין קעגנער-שאַפט צום אינדיווידואַליסטישן און סינדיקאַליסטישן אוניטאַטעראַליזם, זיינע שוין דערמאָנטע פּערזענלעכע מיינונגען וועגן דער עטיק, דער געוואַלט און דעם טעראָריזם, ווי אויך די אַנדערע וועגן די דערציונגספראַגן, די אַנאַרכיסטישע קאָלאָניעס א. א. וו. — וואָס וואָלט אונדז צו ווייט פאַרפירט, מיר זאָלן זיי אַלע דאָ אויסרעכענען* — האָבן אים נישט געשטערט

---

*) כדי אויך צו פאַרצייכענען בקיצור דידאַקטישע סעקונדאַרע אַרגומענטן, וועלן מיר זאָגן, אז אין באַצוג צו די גאָר טייערע פּרו־וון פון פרייהייטלעכע שולן און אַנאַרכיסטישע קאָלאָניעס, וועלכע זיינען אין אַסך ערטער געמאַכט געוואָרן אָדער זיינען אַנגעהויבן געוואָרן מיט אַ צייט צוריק, האָט מאַלאַטעסטאַ געהאַלטן, אז זיי זיינען פאַרשווענדעריש אָדער לפּחות נישט גענוג אַנטשפּרעכנדיק אַנטשעדיקט, לויט די קליינע רעזולטאַטן, וואָס זיינען מעגלעך צו דערגרייכן אינ׳ם בורזשואַזן רעזשים. ער האָט אָפּגעשאַצט דידאַקטישע פּרו־וון, האָט צוגעגעבן, אַז זיי קענען האָבן א געוויסן ווערט אַלס עקספּערימענטן, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס איז צו ווינציק אַנטשעדיקט אין פאַרגלייך צו די גרויסע פינאַנציעלע מיטלען, וועלכע ווערן פון זיי פאַרשלונגען און צו די אינדיווידועלע ענערגיעס, וועלכע ווערן אָפּגעצויגן פון דער וויכטיקסטער און נויטווענדיקסטער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט און רעוואָלוציאַנערער צוגרייטונג.

צו שטיין אין פריינטלעכע און ברודערלעכע באציונגען אויך מיט די אנ־דערע אנארכיסטן, וועלכע האבן געהאט אנדערע מיינונגען, ווי די זייניקע זיינען געווען, און מיטארבעטן מיט זיי אין אלע איניציאטיוועס, אין וועל־כע ס'איז מעגלעך געווען אן איינשטימיקייט אויפן קאנקרעטן געביט פון דער אקציע. יעדער סעקטאר פונ'ם אנארכיזם דארף — לויט אים — אויס־וויקלען אויפן אייגענעם חשבון זיין ספעציפישע אקטיווויטעט לויט זיינע אייגענע אידעען און מעטאדן מיט דער גרעסטער פרייהייט און אינ'ם מעג־לעכסט ברייטסטן פארנעם; אבער אין אלע פראגן, בנוגע וועלכע ס'איז נישט פאראן קיין חלוקי דעות, דארף זיין קעגנזייטיקע הילף, מיטארבעט און ברייטע סאלידאריטעט קעגן דעם געמיינזאמען שונא. די עווענטועלע מיינונספארשידנהייטן דארפן בכן נישט זיין קיין סיבה פון פעלן פון א העכערער געמיינשאפטלעכער ברודערלעכקייט אין די באציונגען; זי דארף באשטיין פון פריינטשאפט און פון קעגנזייטיקער פארשטענדניש צווישן אלע אנארכיסטן.

* * *

די הויפט־, בעסער געזאגט די פונדאמענטאלע כאראקטעריסטיק פון מאלאטעסטאס אנארכיזם, וועלכער האט א דירעקטן שייכות מיטן גאנצן קאמפלעקס פריער דערמאנטע אידעען און פון וועלכע ער, דער אנארכיזם, איז דער הויפטאנרעגער און אריענטירער, איז זיין וואלונטא־ריסטישע קאנצעפציע פון דער געזעלשאפטלעכער צוקונפט, לגבי דער דעטערמיניסטישער אדער מעכאניסטישער קאנצעפ־ציע פון כמעט אלע איבעריקע אנארכיסטישע טעארעטיקער.

דער אנארכיזם — לויט מאלאטעסטאן — איז נישט דער ספאנטאנער און נאטירלעכער געבורט פון דער רעוואלוציע, וועלכע דארף פארקומען אומפארמיידלעך אויפן סמך פון כלומרשטע וויסנשאפטלעכע געזעצן פונ'ם מענטשלעכן פראגרעס, לויט א מעכאניסטיש־דעטערמיניסטישער אויס־טייטשונג פון אלע נאטירלעכע און געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען, נייערט א פועל יוצא פונ'ם באוואוסטזיין, וואס די מענטשן האבן באקומען וועגן די סיבות פון די געזעלשאפטלעכע איבלען און פונ'ם ווילן, וועלכער ווערט געבוירן ביי אייניקע פון זיי — ביי די, וועלכע האבן געזען די וויכטיקסטע פון די ראזיקע סיבות אין דער פאליטישער, עקאנאמישער

און מאָראַלישער אויטאָריטעט פון די רעגירונגען, די קאַפּיטאַליסטן און די גלחים — א ווילן, זיי עוקר מן השורש צו זיין, קעמפנדיק פאַר דער אָפּשאַפונג פון אַלע רעגירונגען, קאַפּיטאַליזמען און קירכן, כדי זיך צו אָר־גאַניזירן אין א געזעלשאַפט אויף דער באַזע פון מענטשלעכער סאָלידאַרי־טעט און פרייער פרייוויליקער קאָאָפּעראַציע.

די אַנאַרכיע וועט זיך בכן — לויט מאַלאַטעסטאַס אידעענגאַנג — נישט פאַרווירקלעכן, אויב ס'וועט נישט זיין א גענוגנדיקע צאָל מענטשן מיט גענוג שטאַרקע ווילנס פאַר איר צו אַרבעטן; עס הייסט אַזוי אַרום, אַז די אַנאַרכיע וועט ווערן א פאַקט אין דער מאָס, וויפיל און ווי שטאַרק מען וועט זי וועלן, לויט דער קלענערער אָדער גרעסערער צאָל מענטשן, אין וועלכע דערדאָזיקער ווילן וועט האָבן אַנטשטאַנען און אויף וויפיל דיזאָזי־קע מענטשן וועלן פרייוויליק מאַכן אַלע אָנשטרענגונגען און ברענגען אַלע נויטיקע קרבנות, זי צו פאַרווירקלעכן, סיי אינ'ם קאַמף און אינ'ם בונט קעגן דער אַלטער וועלט און סיי אין דער רעקאָנסטרוקציע פון דער נייער. די נאַטירלעכע געזעצן, די וויסנשאַפט און אַנדערע, שפּילן אויף אַזויפיל א ראָל, אויף וויפיל די וואָלונטאַרן פון דער אַנאַרכיע וועלן פאַרשטיין זיי צו נעמען אין אכט און זיי באַנוצן פאַר זייער צוועק; זיי זיינען בכן נישט מער ווי פּאַסיווע אינסטרומענטן, וועלכע נוצן פאַר יעדער באַוואוסטזיני־קער קראַפט, וואָס באַנוצט זיך מיט זיי — דער טיראַניי אַזוי ווי דער פריי־הייט, דער רעאַקציע אַזוי גוט ווי דער רעוואָלוציע.

אַנדערע צוויי וויכטיקע אַספּעקטן פון מאַלאַטעסטאַס וועלטאַנשויונג — כאָטש זיי זיינען נישט אינגאַנצן אָריגינעל זיינע — וועלכע האָבן אָבער געשאַפן אַן איבערוועגנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון זיין פּראָפּאַגאַנדע אין די לעצטע 15 אָדער 20 יאָר און וועלכע זיינען גאָר לעצטנס אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן ערשטן פּלאַץ פון דער דיסקוסיע וועגן די געשעענישן, וועל־כע יאָגן זיך אויף אונדז אָן, זיינען די פרייהייטלעכע קאָנצעפּציע פון דער רעוואָלוציע און דער שטודיום וועגן דער געזעלשאַפטלעכער רעקאָנסטרוק־ציע אויף פרייהייטלעכע יסודות בעת און נאָך דער רעוואָלוציע. ביידע, באַזונדערס דער לעצטער, פאַרייניקן זיך צו דער וואָלונטאַריסטישער קאָנ־צעפּציע פון דער געזעלשאַפטלעכער צוקונפט, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין גערעדט.

דעם געדאַנק וועגן דער פרייהייטלעכער אָריענטאַציע פון דער רעוואָ־
לוציע און פון דער מיסיע, וועלכע די אַנאַרכיסטן דאַרפן אין איר דערפילן,
ציט זיך באמת צוריק צו באַקוניגען. פונדעסטוועגן, נישט
געקוקט דערויף, וואָס דידאַקטיקע קאָנצעפּציע איז מצד די אַנאַרכיסטן קיינ־
מאָל נישט נעגירט געוואָרן; זי איז, אדרבה, פון אַלע טעאָרעטיקער מער
אָדער ווייניקער פונדאַסניי באַשטעטיקט געוואָרן, פונדעסטוועגן איז זי,
טראָץ אַלע טעאָרעטישע באַהויפּטונגען, גאָר גיך אָפּגעשוואַכט געוואָרן,
כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַ שלעכטער געוואוינהייט צו באַטראַכטן די רע־
וואָלוציע און די אַנאַרכיע אזוי ווי צוויי באַזונדערע אידעען, צוויי געשעע־
נישן, צוויי מאָמענטן צעשיידטע אָדער צעשיידבאַרע. דאָס האָט גורם גע־
ווען — באַזונדערס נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע און דעם פּאָליטישן דער־
פאַלג פון די באָלשעוויקעס — נישט ווייניק פּרעמדע און מטושטשע אריינ־
דרינגונגען אינ׳ם אַנאַרכיסטישן געביט גופא.

מאַלאַטעסטא האָט פעסט רעאַגירט קעגן אזא מין פאַרגעסן; די אַנאַר־
כיע איז, לויט אים, נישט בלויז אַן אידעאַל פאַרן מאָרגן נאָך דער רעוואָ־
לוציע, זי איז אויך און טאַקע פריער פון אַלץ אַן אָריענטירנדיקע און
שאַפנדיקע אידעע פון דער רעוואָלוציע. איז עס דעריבער די זאַך פון די
אַנאַרכיסטן זי אָנצו־ווענדן, בכדי די רעוואָלוציע זאָל זיגן מיט ווירקלעכע
רעזולטאַטן פון וואוילשטאַנד און פרייהייט פאַר אַלעמען און זי זאָל נישט
מיסטיפיקירט און פאַרראַטן ווערן דורך וואָס פאַר אַ ס׳איז רעגירונג; זיי
דאַרפן שטיין אין אָפּאָזיציע קעגן יעדער רעגירונג, וואָס וואָלט זיך געשאַ־
פן, און זיי דאַרפן זיך באַמיען מיט אַלע אופנים צו שאַפן און אָרגאַניזירן
אויסערהאַלב יעדן שטאַט וויפיל נאָר מעגלעך פרייע און אומאָפּהענגיקע
לעבנספאָרמען אויף די פאַרשידענע געביטן פון דער פּראָדוקציע, דער פאַר־
טיילונג, דעם אויסטויש, דער קולטור, דער רעוואָלוציאָנערער פאַרטיידיקונג
א. א. וו.

און אזוי ווי דאָס אַלעס וועט זיין אוממעגלעך צו אימפּראָוויזירן אין
מאָמענט, ווען ס׳וועט זיך אָנהייבן די רעוואָלוציע, נישט האָבנדיק פריער
געטראַכט וועגן דעם, דרינגט פון דאַנען אַרויס די נויטווענדיקייט צו שטו־
דירן שוין פון היינט אָן דאָס פּראָבלעם, וואָס מיר דאַרפן טון. מאַלאַטעסטא
האָט וועגן דעם געשריבן אַסך, באַזונדערס כדי צו קריטיקירן די טענדענץ

פון אסך אנאַרכיסטן, וועלכע גלויבן, אַז קוים וועלן זיין געשטירצט די רעגירונגען און עקספּראָפּריאירט די באַלעבאַטים, וועט זיך אַלעס איינאָר־דענען פון זיך אַליין ספּאָנטאַן און לייכט. אָן דער אריינמישונג פון די אַנאַרכיסטישע ווילנס, וועלכע וועלן פון פריער האָבן אַלעס דורכגעטראַכט און זיין אָרגאַניזירט, וועלן די שווערע לעבנסנויטווענדיקייטן גורם זיין די אויפלעבונג פון די רעגירונגען און די רעוואָלוציע וועט זיין דורכגעפאַלן.

פון דער אנדערער זייט איז אָבער מאַלאַטעסטאַ נישט אריינגעפאַלן אינ'ם קעגנגעזעצטן טעות, אין וועלכן עס זיינען אָפטמאָל אריינגעפאַלן מאַנכע ווינציק אויפמערקזאַמע אַנאַרכיסטן, איינצופירן, צוליב פּראַקטיש־קייט, קוים ווי זיי האָבן געטענהט, צוואַנגסמיטלען, כדי אהייפּצוצווינגען אויף אַלעמען מיט געוואַלט, פון אויבן, אַזאַ אָדער אַן אַנדערן פון פאָרויס באַשטימטן סיסטעם. נישטאָ נאָך קיין ווינציקער „פּראַקטישעס" ווי די געוואַלט. און עס קען אויך נישט געמאָלט זיין, עס זאָל איבערוועגן אַן איינ־איינציקער סיסטעם. עס דאַרף געלאָזט ווערן פריי דאָס פעלד פאַר אַלע עקספּערימענטאַציעס; די דערפאַרונג וועט באַווייזן, וועלכע עס זיינען די בעסטע סיסטעמען. אָבער עס פאַרשטייט זיך, אַז אויף צו עקספּערימענטירן איז נויטיק צו וויסן, וואָס מען וויל עקספּערימענטירן; און דאָס איז נויטיק צו וויסן וואָס פריער און נישט וואַרטן מיטן פאַרטראַכטן זיך דעריבער, ביז די געשעענישן וועלן אונדז נישט איבערלאָזן קיין צייט אויף צו טון עס.

אַזוי גיסן זיך אין מאַלאַטעסטאַס אַנאַרכיזם צענויף האַרמאָניש די קעגנוואַרט און די צוקונפט, דאָס מיטל און דער ציל, די פּראַקטיק און די טעאָריע, די צעשטערונג און דער ווידעראויפבוי, די עוואָלוציע און די רע־וואָלוציע. די אַנאַרכיע דערשיינט אַזוי אַרום אַלס דער בעסטער אויסדרוק פונ'ם מענטשלעכן פּראָגרעס; זי ווערט אויפן וועג צו דער פאַרווירקלעכונג אימפּולסירט פונ'ם ווילן פון די מענטשן, וועלכע זיינען באַזעלט מיטן וואונטש זיך סאָלידאַריש צו פאַרבעסערן און דערהויבן אין אַ שטייגערנדיקן וואוקס פון וואוילשטאַנד און פרייהייט פאַר אַלעמען.

* * *

מאַלאַטעסטאַס לעבן, זינט ער איז אַלט געוואָרן 18 יאָר ביז צום טאָג פון זיין טויט, איז געווען, אין אַן אויסגעהאַלטענער ליניע, אַן איבעררייס,

דאָס לעבן פונ'ם טוער ווי דאָס פונ'ם דענקער. „ער איז אַ מאָנסטער פון אַלזייטיקייט" — האָט וועגן אים געזאָגט מוסאָליני, איך געדענק נישט אין שייכות מיט וואָס, נישט אין וועלכער פון זיינע רעדעס.

טראָצדעם האָט זיין געדאַנקענגאַנג נישט געהאַט אין זיך גאָר נישט קיין דאָגמאַטישעס, קיין אומטאָלעראַנץ, קיין פאַרשטיינערטקייט. ער איז שטענדיק געווען גרייט צו בייטן זיין מיינונג, אויב ער האָט פאַר זיך גע-האַט אַ נייעם אמת אָדער אַ נייע דערפאַרונג, וועלכע האָט געקענט דער־ווייזן אַ היפּוכדיקע אידעע ווי די, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן ביז דעמאָלט. ער האָט דעריבער אויסגעמיטן די אַבסאָלוטיסטישע און צו פיל סכעמאַטישע פאָרמולעס. ער האָט נישט ליב געהאַט דעם שווערן סטיל און דעם אַקאַ־דעמישן זשאַרגאָן פון די פילאָזאָפן, כאָטש ער אַליין איז געווען אַ גרויסער פילאָזאָף אינ'ם מענטשלעכן זין, אַלס פריינט פונ'ם וויסן און פונ'ם לעבן. „איך בין אַן אַנאַרכיסט — פלעגט ער זאָגן, — ווייל איך זע אין דער אַנאַרכיע דעם אידעאַל פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און דעם גערעכטן און פּראַקטישערן וועג, אַז די מענטשן זאָלן קאָנען ווערן בעסער און זיך פילן בעסער מאַטעריעל און מאָראַ־ליש; אויב אָבער איך וואָלט זיך איבער־צייגט אינ'ם היפוך און געקומען צו דער דערקענטעניש, אַז די אָדער יענע אידעע איז מער צוגעפּאַסט צום זעלביקן צוועק, וואָלט איך זיך אין איר אָנגעכאַפּט און יעדער איינזיכט פאַר מיין גאַנצער פאַר־גאַנגענהייט".

האָט טאַקע זיין געדאַנקענגאַנג, אינ'ם לאַנגן פאַרלויף פון אַ זעכציק יעריקן אַפּאָסטאָלן - לעבן, אָן אָנשטרענגונג דורכגעמאַכט מער ווי איין ענדערונג, אין קאָנטאַקט מיט די פאַקטן און דורך דער השפעה פונ'ם שטו־דיום פון די געשעענישן און דער וויסנשאַפט. זיך דערנענטערט צום אַנאַר־כיסטישן סאָציאַליזם אַלס 18 יעריקער בחור, האָט ער אָנגענומען דעם קאָלעקטיוויסטישן פּראָגראַם פון באַקונינען און דעם לאַטיי־

נישן אינטערנאַציאָנאַל פון 1872. ער איז אָבער נישט אויף לאַנג געבליבן צופרידן; און ער איז טאַקע געווען פון די ערשטע, צוזאַמען מיט קאַפּיערא, קאַוויעלי א. אנד., אים צו ענדערן אינ׳ם קאָמוניסטישן גייסט ביים איטאַ־ליענישן אינטערנאַציאָנאַליסטישן קאָנגרעס פון 1876, לויט דער פאָרמול פונ׳ם קאָמוניסטישן אַנאַרכיזם, וועלכער איז ביסלעכווייז אָנגענומען געוואָ־רן דורכן גאַנצן אינטערנאַציאָנאַלן אַנאַרכיזם.

זיין וואָלונטאַריסטישע קאָנצעפּציע פון דער עוואָלוציע און רעוואָלו־ציע, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין גערעדט, איז געווען די פּרוכט פון א גענויג לאַנגער און רעלאַטיוו ערשטיקער, ווייל פון נאָכן סוף פונ׳ם ער־שטן אינטערנאַציאָנאַל, ד. ה. פון נאָכן 1885־טן יאָר, אינטעלעקטועלער אויסצייטיקונג. פאַר דעם איז ער אויך געווען א דעטערמיניסט פונ׳ם זעל־ביקן גייסט ווי די, וועלכע ער האָט שפּעטער אזוי שאַרף קריטיקירט. אזוי ווי באַקונין און אזוי ווי כמעט אַלע אַנאַרכיסטן פון פאַרן 1890־טן יאָר, איז ער אויך געהאַט באַווירקט געוואָרן פון דער מאַרקסיסטישער השפּעה און זיין פּראָפּאַגאַנדע האָט דעמאָלט געהאַט יענעם ביי ־ טעם און געהאַט אָנגענומען נעוויסע שפּראַכלעכע פאָרמען, וועלכע זיינען געווען כאַראַקטע־ריסטיש פאַר יענער לערע. אָבער ער איז געווען פון די ערשטע זיך צו באַ־פרייען פון איר און ארויסטרעטן קעגן איר צוזאַמען מיט זיין פריינט ס א ו ו ע ר י אָ מ ע ר ל י נ אָ. זיי ביידע זיינען געווען די ערשטע „רעוויזאָרן” פונ׳ם מאַרקסיזם, זיינע טיפּסטע קריטיקער פונ׳ם סאָציאַ־ליסטישן און רעוואָלוציאָנערן שטאַנדפּונקט. דער רעוויזיאָניזם פון די אנ־דערע, וועלכער האָט אָנגעמאַכט אזויפיל גערודער, פון די רעפאָרמיסטן פון בערנשטיין און ביסאָלאַטי חדר פון איין זייט און פון די סינדיקאַליסטן פון סאָרעל און לאַבריאָלאַ חדר פון דער אנדערער זייט, דערדאָזיקער רע־וויזיאָניזם איז ערשט געקומען אסך שפּעטער.

פאַר דער אנטשטייונג פון סינדיקאַליזם, פונ׳ם סוף פון 1־טן אינטער־נאַציאָנאַל און ווייטער, האָט מאַלאַטעסטאַ געווידמעט אסך פון זיינע אָנ־שטרענגונגען צו איבערצייגן די אַנאַרכיסטן אין דער נויטיקייט מיטצואַר־בעטן אין דער סינדיקאַלער אָרגאַניזאַציע פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט. מיט זיין מינדלעכער און שריפטלעכער פּראָפּאַגאַנדע האָט ער אויסגעיבט א גרויסע ווירקונג אין דעם זין, אפילו אויף די, וועלכע זיינען שפּעטער באַטראַכט

געוואָרן ווי די גרינדערס פונ׳ם סינדיקאַליזם, וו פ ע ל ו ט י ע, פ ו ז ש ע א. אנד. אָבער נאָך שפּעטער, נאָכן יאָר 1905, איז ער אויך געווען פון די ערשטע צו רעאַגירן קעגן סינדיקאַליזם גופא — קעגן דעם „זיך אליין גענוגנדיקן סינדיקאַליזם״ — און הויפּטזעכלעך אים צו באַקעמפן אלס שול און טעאָריע פאַר זיך, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פונ׳ם סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם, פּערמינערנדיק זייער ווערט און רעדוצירנדיק די סאָציאַלע רעוואָלוציע צו אוניקאַטעראַליסטישע פּראָפּאָרציעס פון א קלאַסנפּראָבלעם, אָדער בעסער געזאָגט פון אָרגאַניזירטע קאַטעגאָריעס.

דער סינדיקאַליזם, אפילו ווען ער רופט זיך רעוואָלוציאָנערער, איז, לויט אים, אומגענוגנדיק אלס דאָקטרין און אלס פּראַקטיק. די געווערקשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, ווען אפילו זי איז נויטיק און נוצלעך סיי אין נאָרמאלע צייטן און סיי אין רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, איז נישט גענוגנדיק פאַר די רעוואָלוציאָנערע נויטווענדיקייטן, אזוי ווי זי וועט אויך נישט קענען זיין גענוגנדיק פאַר דער אנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע אין דער נאָכקומענדיקער געזעלשאַפטלעכער רעקאָנסטרוקציע. ביי איר זייט און אין איר מיט האָט אַ וויכטיקע פונקציע די פרייוויליקע אקציע פונ׳ם אַנאַרכיזם מיט זיינע אייגענע מעטאָדן און צילן. אָן אים ווערט די געווערקשאַפטלעכע אָרגאַניזאציע, וואָס איז אן איינפאַכער קאמפּס - אינסטרומענט, איבערגעלאָזט צו אירע נאַטירלעכע טענדענצן פונ׳ם שפּיל פון די אינטערעסן, און זי ווערט אומפאַרמיידלעך דעגענערירט אין רעפאָרמיזם און אָפּאָרטוניזם, עילול מקריב צו זיין די צוקונפט און די אלגעמיינע אינטערעסן צו די פּאַרציאַלע, מאָמענטאַנע און פּאַרטיקולאַרע.

ער, וואָס איז געווען איינער פון די אָנהויבער פונ׳ם אַנאַרכיסטישן קאָמוניזם האָט זיך פונדעסטוועגן שטענדיק קעגנגעשטעלט דער אזוי בולטער טענדענץ ביי מאנכע אנדערע אַנאַרכיסטישע טעאָרעטיקער צו דאָגמאטיזירן דעם קאָמוניזם, צו זען אין אים דעם איינאיינציקן סיסטעם פון דער רעוואָלוציע און דער אַנאַרכיע. ער איז שטענדיק געווען מיט דער מיינונג, אז דער קאָמוניזם איז די אמבעסטן צוגעפּאַסטע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציע פונ׳ם אייגנטום צו גאַראַנטירן אין די מענטשלעכע אסאָציאַציעס די אינדיווידועלע און קאָלעקטיווע פרייהייט; אָבער ער איז קיינמאָל נישט מיד

געוואָרן איבערצוהזרן — באזונדערס אין די לעצטע צייטן — דעם אומאָפּ־טיילבארן תנאי, אז מען דארף אין קאָמוניזם קיינמאָל נישט אָנווענדן קיין געוואַלט־מעטאָדן; ער דארף זיין שטענדיק אונטערגעאָרדנט דעם פרייען ווילן פון די פאראינטערעסירטע און שטענדיק דערלאָזן אין זיינע רייען און ביי זיין זייט, און פולער אומאָפּהענגיקייט און אין גלייכע קאָנדיציעס, די עקספּערימענטאציע פון פארשידענע סיסטעמען, מיטן איינציקן תנאי, אז קיין איינציקער פון זיי וועט נישט פרו־וון מיט געוואלט זיך צו אימפּאָנירן אויף די אנדערע. ער האָט אפילו נישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, אז געוויסע גאָר שווערע אומשטענדן פון צייט און אָרט וועלן קאָנען באַוועגן די קאָמוניסטן גופא אָנצונעמען א וועלכן עס איז אנדערן אָדער געמישטן סיסטעם א. ד. גל. און נאָך ווינציקער האָט ער פארוואָרפן די השערה, אז די צוקונפטיקע דערפאַרונג וועט אויך קענען הייסן פארווארפן דידאָזיקע סיסטעמען, וועלכע האָבן זיך אים ביים איצטיקן צושטאנד, היינט, אויס־געוויזן אלס די גאָר וואָרשיינלעכסטע.

אין פראגן פון פראקטישן און מאָמענטאַנעם כאראקטער איז ער גע־ווען דערזעלביקער ווי אין די פון טעאָרעטישן און פוטוריסטישן כאראקטער. ער האָט זיך קיינמאָל נישט איינגעשלאָסן אין די ד׳ אמות פון וואָס פאַר א ס׳איז אַפריאָריזם. אין דער אלגעמיינער ליניע ׳צ. ב. האָט ער נישט געמאַכט קיין פרינציפּן ־ אונטערשייד צווישן דער קאָלעקטיווער רעוואָלו־ציאָנערער אקציע און דער אינדיווידועלער בונטארישער טאַט; אָבער ער האָט, פאַרשטייט זיך, צוגעגעבן מער וויכטיקייט דער ערשטער ווי דער צווייטער. און אין א געוויסן פּעריאָד, ווען די פארהערלעכונג פון דער אינדיווידועלער געוואַלט אלס מעטאָד האָט אויסגעזען אָנצונעמען ביי די אַנאַרכיסטן אנטיגעזעלשאפטלעכע און אַנטיהומאַנע פאָרמען, צום שאָדן פון די ברייטערע רעוואָלוציאָנערע צילן, איז ער ארויסגעטראָטן קעגן די־דאָזיקע טענדענצן און אָנגעוויזן זייער טעותדיקייט. ער האָט אָבער אויך נישט פאַרגעסן באלד צו רעאַגירן אינ׳ם פאַרקערטן זין, אויב די חברים, וועלנדיק זיין מער לאָגיש און פּראקטיש, האָבן זיך צופיל צוגענייגט צו רואיקייט און פרידלעכקייט און פאַרלוירן אזוי ארום דעם בונטארישן גייסט. איך דערמאָן מיך נאָך אויף וואָס פאַר אן אופן ער איז ארויס קעגן מיר, אָן צופיל איינזיכטן אויף אונזער פריינטשאַפט, ווען איך האָב אין יאָר

1901, אָפּגענאַרט דורך די פאלשע ידיעות פון דער בורזשואזער פרעסע, אויף אן אומגערעכטן אופן קאָמענטירט נעגאטיוו, אין א צייטשריפט פון רוים, דעם טויט פון מאקענלי דורך דעם אטענטאט פון׳ם אנארכיסט טשאָלגאָש. דאָס איז געווען א לעקציע, וועלכע איך האָב נאָך ביז היינט נישט פארגעסן...

פינף יאָר שפּעטער, סוף 1906, בעת איך האָב מיך געפינען ביי אים אין הויז אין לאָנדאָן, האָב איך געזען אויף זיין טיש אַ מאנוסקריפּט וועגן „די אנארכיסטן און די געוואלט" און איך האָב אים געפרעגט, פארוואָס ער פארעפנטלעכט אים נישט. „ווייל ס׳איז נישט איצט דער מאָמענט — האָט ער מיר געענטפערט — מיר ווייזט זיך אויס, אז די אנארכיסטן לאָזן זיך איצטער אָפּנייגן דורך א פארקערטן דע־פעקט ווי דער איבערמאָס פון געוואלט וואָס איך קריטיקיר אין קעמדאזיקן אר־טיקל. היינט איז וויכטיקער צו רעאגירן קעגן געוויסע טענדענצן פון א נייגונג צו באקוועמלעכקייט און פרידלעכן לעבן, וועלכע מאניפעסטירן זיך אין אונ־זערע קרייזן. ס׳איז איצטער דרינגנדיקער זען אויפצולעבן צווישן די חברים און אינ׳ם ארבעטערקלאס דעם רעוואָ־לוציאָנערן ברען, וועלכער ווערט ביס־לעכווייז אָפּגעשוואכט, דעם גייסט פון בונטארישקייט און קרבנות־גרייטקייט, דעם תענוג פון ריזיקע, פון וואגעניש".

מאלאטעסטאס געדאנקענגאנג מיידט פולשטענדיק אויס ביידע אויס־גערעכנטע סכנות, ביידע זייטן פון דערזעלבער שעדלעכער באדראָונג, צו וועלכער עס זיינען אויסגעשטעלט אלע די, וואָס קעמפן פאר אן אידעאל פון סאָציאלער באנייונג — דער סכנה זיך צו לאָזן אָוועקרייסן ווייט פון דער ווירקלעכקייט דורך דער צו אבסטראקטער אידעע, ד. ה. דעם פון פאָרויס באשטימטן ציל, פאר וועלן זיין צופיל פּראקטיש. נישט דאָגמאַ־

טיש און נישט אָפּאָרטוניסטיש — דער מאַלאַטעסטיאַנישער געדאַנק האַלט זיך שטענדיק צוגעפּאַסט און פּראַקטיש צו דערזועלבער צייט. דאָס וואָס מאַלאַטעסטאַ האָט כמעט שטענדיק פאַרגעליינט זיינע אידעען נישט אַלס דאָקטרינער, נאָר אַלס מענטש פון טאַט, און שייכות מיט די קאָנ־קרעטע פאַקטן פון מאָמענט אָדער אַלס קעגנשטעלונג צו די אידעען און פאַקטן פון די קעגנער, האָט אַסך בייגעטראָגן אויפצוהאַלטן אין אים די־דאַזיקע פרישקייט, קלאָרקייט און עלאַסטישקייט, וואָס האָט זיין פּראָפּאַ־גאַנדע צוגעגעבן אַזויפיל דערפאָלג.

ער איז נישט געווען קיין סעקטאַנט. ער האָט געהאַט זיינע טיפע אי־בערצייגונגען און ער האָט זיי פאַרשפּרייט מיט אייפער אומעטום און גע־קעמפט פאַר זיי קעגן קעגנער און פיינט. אָבער אויב ער האָט געהערט פון זיי אַזעלכעס, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן גערעכט, האָט ער עס אָנערקאָנט אָן יעדער קווענקלעניש. ער האָט זיך, איבעריקנס, דערמיט באַ־נוצט, כדי נאָך בולטער ארויסצוברענגען זייערע סתירות און טעותן. דאָס־זעלביקע קען מען זאָגן אין באַצוג צו די אינערלעכע דיסקוסיעס און פּאָ־לעמיקעס צווישן חברים, אין די רייען פון דער אַנאַרכיסטישער באַוועגונג גופא. ער האָט געברויזט קעגן יעדער אָפּווייכונג, וועלכע פלעגט זיך פון צייט צו צייט אין איר באַווייזן, אָבער ער האָט אויך נישט פאַרזען דאָס לאָגישע, דאָס אָריגינעל און באמתדיק גוטע, וואָס האָט זיך אין זיי גע־קאָנט געפינען. ער האָט, הייסט עס, נישט פאַרדאַמט אין סך הכל, נאָר ער האָט מיט זיין גוטן חוש און געפיל פון גלייכנעוויכט, וועלכע האָבן אים קיינמאָל נישט געלאָזט פאַרלירן פון אויג דעם אומאָפּטיילבארן אינטערעס פון דער רעוואָלוציע און דער אַנארכיע, אונטערגעשיידט דאָס גוטע פון שלעכטן, דאָס נוצלעכע פון׳ם שעדלעכן.

כדי זיין וועלטאַנשויונג זאָל שטענדיק זיין געריכטעט צו דער רע־וואָלוציע און דער אַנאַרכיע, אַזוי ווי די נאָדל פון קאָמפּאַס צום פּאָל, האָט אים פיל צוגעהאָלפן זיין איינגעבוירענע גוטסקייט, זיין אומגעהייערע ליבע צו די מענטשן און זיין גרויסע ליידנשאַפט פאַר דער פרייהייט, צוליב וואָס מ׳קאָן זאָגן, אז ער איז געווען דער בעסטער פאָרזעצער און נאָכקו־מער פון באַקונין. אַלע מאָראַלישע און סאָציאָלאָגישע פּרינציפּן פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך פאַר אים רעדוצירט אין אייגאיינציקן: דעם גליק פון די מענטשן, פון אַלע מענטשן. און דאָס גרעסטע גוטס פאַר די מענטשן

איז לויט אים געווען די פרייהייט, די פרייהייט פאַר אַלעמען, וועלכע האָט אַלס אומאָפּשיידבאַרן באַדינג די באַפרייונג פון די מענטשן פון אַלע מינים עקספּלואַטאַציעס און באַהערשונגען.

אָבער די פרייהייט איז נישט בלויז דער ווייטער ענדציל פון׳ם אַנאַר־כיזם, נאָר אויך און הויפּטזעכלעך זיין לעבנסבאַרעכטיקונג שוין איצט, זיין ריכטליניע און קאַמפּסמעטאָד. דאָס איז איינער פון די פונקטן, אויף וועלכע מאַלאַטעסטאַ האָט זיך אַממייִנסט אָפּגעשטעלט אין זיין גאַנצן לאַנ־גן אַפּאָסטאָלישן לעבן, נישט וואַקלענדיק זיך, ביי די געהעריקע געלעגנ־הייטן, זיך אַרויסצושטעלן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון דער פרייהייט פון זיינע קעגנער גופא, ווען אפילו זיינע אייגענע חברים האָבן דערצו נישט מסכים געווען. מיר דאַרפן — האָט ער געמיינט — שוין פון איצט אָן אָנערקענען פאַר אַלע אַנדערע אַלע רעכטן אויף דער פרייהייט, וועלכע מיר פאַרלאַנגען פאַר אונז און די רעוואָלוציע דאַרף אַלעמען געבן גלייכע פרייהייטן. נישט די אַבסאָלוטע פרייהייט פון די מעטאַפיזישע אַבסטראַק־ציעס, פאַרשטייט זיך, וועלכע, אויב זי וואָלט איבערגעריסן די שייכותן, וועלכע פאַרבונדן דעם מענטש צו דער געזעלשאַפט, וואָלט זי אַנולירט די מענטשהייט, נאָר די, וועלכע מ׳וואָלט געקענט רופן „געזעלשאַפטלעכע פרייהייט״, ד. ה. די פרייהייט פאַר אַלעמען ביי אַזעלכע גלייכהייטלעכע קאָנדיציעס, אַז זיי זאָלן דערלויבן אַלעמען דורכפירן זייער אייגענעם ווילן, מיט דער איינציקער באַגרענעצונג, וועלכע ווערט אַרויפגעלייגט דורך די אומפאַרמיידלעכע נאַטירלעכע נויטווענדיקייטן און דורך דער גלייכער פרייהייט פון אַלע איבעריקע.

נאָר די פרייהייט קען זיין אַ שול און צוגרייטונג פאַר פרייהייט. קעמ־פנדיק היינט פאַר דער פרייהייט און מיט פרייהייטלעכע סיסטעמען און מיטלען, גרייט מען צו די פרייהייט פון מאָרגן. אין דער באַוועגונג און אינ׳ם קאַמף היינט, אַזוי ווי אויך אין דער רעוואָלוציע — מאָרגן, איז די ספּעציפישע פונקציע פון די אַנאַרכיסטן צו פאַרטיידיקן און אויסברייטע־רן דאָס פּראַקטיצירן פון דער פרייהייט אויף אַלע געביטן פאַר זיך און פאַר די איבעריקע. ס׳איז נישט קיין אַנאַרכיסט דער, וועלכער רעספּעקטירט נישט ביי די איבעריקע די פרייהייט, וועלכע ער פאַרלאַנגט פאַר זיך. דאָס פּראַקטיצירן די פרייהייט איז דער אומפאַרמיידלעכער באַדינג צו פאַר־ווירקלעכן די פרייהייט, ד. ה. צו פאַרווירקלעכן די אַנאַרכיע. ווייל עס האַנ־

דלט זיך נישט צו פארווירקלעכן די אנארכיע היינט, מארגן אדער במשך פון א יארהונדערט, נאר פון גיין שטענדיק אין דער ריכטונג צו דער אנאר־כיע היינט, מארגן, שטענדיק.

* * *

איך האב געטון דאס בעסטע, וואס איך האב געקאנט צו רעזומירן, וואס איך האב געהאלטן פאר אממיינסט כאראקטעריסטיש אין מאלאטעס־טאס אנארכיסטישער וועלטאנשויונג. איך ווייס נישט צי דאס איז מיר גע־לונגען, מחמת עס איז שטענדיק זייער שווער איבערצוגעבן יענעמס גע־דאנק, ווען אפילו ער איז אין איינקלאנג מיטן אייגענעם. אבער איך גלויב מיך צו האבן געהאלטן ביי דער פונקטלעכקייט ביי אלץ, וויפיל ס׳איז נאר מעגלעך געווען.

עקספאנירנדיק אזוי ארום אין א סכעמאטישער פארם די אידעען פון דעמדאזיקן גרויסן אפאסטאל פון דער אנארכיע, האב איך מורא גע־האט פאר דער סכנה, אז איך וועל זיי, צוליב דער נויטיקייט צו זיין קורץ, צעפיצלען, זיי פארשטעלן אין א צו שטארק צוזאמענגעפרעסטער פארם. אלע, וואס האבן עפעס געלייענט פון מאלאטעסטא, ווייסן, אז ער האט זיך, אדרבה, אויסגעדריקט אין א פארם, וועלכע איז געווען ווייט פון יע־דער צוזאמענגעפרעסטקייט. איבעריקנס איז די פארם ביי אים געווען די־זעלבע זאך, וואס די סובסטאנץ: אן איינפאכע און קלארע, פארשטענדלעך פאר אלעמען, פריי פון יעדער רעטאריק און צו דערזעלבער צייט פון א סאקראטישער שארפזיניקייט און טיפקייט. ווייט פון ליטעראַרישע אטראק־ציעס, אן יעדער פאראדע פון ציטאטן, קיין שום ווּיסנשאפטלעך אדער פי־לאזאפיש צעלייגעניש און ווייט פון סכאלאסטיק אדער דאקטארישער גע־לערנטקייט. ער איז שטענדיק געווען דער באשיידענער, וואס האט גערעדט צו זיינס גלייכן און אויף צו איבערצייגן האט ער בלויז גערעכנט אויף דער לאגיק פון זיינע ארגומענטן און סענטימענטן.

דידאזיקע אויסדרוקספארם האט אים פארהיטן פון אריינצופאלן אין די דעפעקטן פון אפריאריזם און פארמאליזם, אין וועלכן עס פאלן אזוי לייכט אריין די דאקטרינארן. ער איז נישט געווען קיין שקלאף, אויב מ׳קען זיך אזוי אויסדריקן, אפילו נישט פון זיך אליין, כאטש ער האט זיך שטענ־דיק געהאלטן אין אן אומאיבערשטייגבארער גראדליניקער צוזאמענגענו־מענקייט; מ׳קען זאגן, אז זיין געדאנקענגאנג איז געווען פליסיק אינ׳ם

זיך, וואָס זייענדיק שטענדיק דערזעלביקער דורך די צוזאַמענשטעלנדיקע גרונטעלעמענטן, דורך דער אָריענטאַציע און דער דורכזיכטיקער ריינלעכקייט, האָט ער זיך נישט געלאָזט פאַנגען דורך קיין שום פּאָרויסבאַשטימטן קאָנצעפּט און פון קיין שום אבסאָלוטיזם און ער איז שטענדיק געגאַנגען אין'ם גייסט פון'ם לעבן און קאַמף און יעדע אידעע האָט פאַר אים געהאַט אַ ווערט נישט אַזוי אָן און פאַר זיך, ווי נאָר אין שייכות מיט די פאַקטן, די אומשטענדן און נויטווענדיקייטן פון זיין אומאונטערבראָכענעם קאַמף. דאָס אַלעס האָט נאַטירלעך נישט געקאָנט מאכן ווינציקער שווער די אויפגאַבע צו רעזומירן זיינע אידעען אין די באַשרענקטע ראַמען פון דעררעדזיקער קליינער צאָל זייטלעך.

די לייענער, האָף איך, וועלן דאָס נעמען אין אָנבאַטראַכט. און נעמענדיק אין אכט, פון דער אַנדערער זייט, אַז מאַלאַטעסטאַס געדאַנקען וואָלטן נאָר דורך מאַלאַטעסטאַן אַליין געקאָנט פּאָרגעלייגט ווערן, חזר איך איבער, ביים פאַרענדיקן, די ווענדונג, וואָס איך האָב, דאַכט זיך, אויבן שוין געמאַכט צו מיינע פריינט: די ווענדונג, אַז עס זאָלן, מעגלעך וואָס פריער, געזאַמלט ווערן אין אַ גרויסער אויסגאַבע די שריפטן פון אונזער פאַרשוואונדענעם לערער און אַז דער גוטער ווילן פון די, וואָס האָבן אים ליב געהאַט און געווען פון אים אַזוי געליבט, פון אַלע חברים, זאָל דאָסדאָזיקע פאַרזאָרגן, ווען נאָר עס וועט מעגלעך זיין. דאָס וועט זיין דער בעסטער מאַטעריעלער מאָנומענט, וואָס מיר וועלן קענען אויפשטעלן צום אָנדענק פון דעמדאָזיקן העראָישן ארבעטער פון'ם געראַנק און דער טאַט, וואָס ע ר ר י ק אָ מ אַ ל אַ ט ע ס ט אַ איז געווען במשך פון דריי פערטל טייל פון אַ דור.

לאָמיר אָבער אויך נישט פאַרגעסן, אַז מאַלאַטעסטאַ אַליין וואָלט בשום אופן נישט אַקצעפּטירט קיין מאָנומענטן, אפילו נישט פון קיין ביכער, און אויב ער וואָלט אָפּגעשאַצט אונזער כוונה וואָלט עס געווען נאָר בתנאי, אַז מיר זאָלן זיך באַנוצן מיט זיינע שריפטן פאַר דער זאַך פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דער אַנאַרכיע. לאָמיר בכן באַערן ע ר ר י ק אָ מ אַ ל אַ ט ע ס ט אַ ן, פאָרזעצנדיק מיט אַ שטאַרקן ווילן, לויטן ביישפּיל, וואָס ער האָט אונז איבערגעלאָזט, די ארבעט און דעם קאַמף פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דער אַנאַרכיע.

סעפּטעמבער, 1932.



## אויסגאַבן פון דער בוך־געמיינשאַפט ביי דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

פעררער פראַנסיסקאָ — די מאָדערנע שול, 200 זייטן — — 2.00 פעזעס

ראָקער רודאָלף — די ראַציאָנאַליזאַציע פון דער ווירטשאַפט

און דער אַרבעטער־קלאַס, 168 זייטן — — — — — 2.00 „

לואידזשי פאברי — ערריקאָ מאַלאַטעסטאַ — זיין לעבן און

זיינע סאָציאַלע אידעען, 48 זייטן — — — — — — — 0.30 „

---

## אויסגאַבן פון דער יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

אַנטיטש כאָסע — פראַנסיסקאָ פעררערס פעדאַגאָגיע, 30 זייטן 20 סענט

גראַוו זשאַן — בורזשואַזע און פרייהייטלעכע דערציונג, 28 ז. 20 „

פאָר סעבאַסטיאַן — ווערטער פון א דערציער, 96 זייטן — — 20 „

אוראַלעס פ. — די פרייע שול, 30 זייטן — — — — — — — 20 „

עלסלאַנדער י. פ. — אַ באַזוך אין אַ מאָדערנער שול, 34 זייטן 20 „

---

ווענן אַלע ענינים פון דער „בוך־געמיינשאַפט" און אויסגאַבן פון דער ראַציאָנאַל. געזעלשאַפט זיך ווענדן צו אונזער געשעפטס־פאַרטרעטער:

Agencia de Libros "Idisch" de David Gorodisky. Castelli 395, Buenos Aires Argentina

דרוקעריי „קולטור" — סאַרמיענטאָ 2157, בוענאָס איירעס